א. סוצקעווער

# וואלדיקס



## א. סוצקעווער

# וואַלדיקס

ווילנע / 1940

א. סוצקעווער/וואַלדיקס/אַן אויסקלײַב פֿון לידער און פּאָעמעס,
געשריבן אין די יאָרן 1937–39 / געזעצט און געדרוקט
אין דרוקערײַ פֿון די ווילנער פּראָדוציר - קאָאָפּעראַטיוון

אַרויסגעגעבן אין פֿינף הונדערט נומערירטע עקזעמפּלאַרן



ביכער-סעריע פֿון דער שרײַבער-
און קינסטלער-גרופּע „יונג-ווילנע“

הילע און השגחה איבערן
זאַץ – אומע אָלקעניצקי

A. SUCKEVERIO
poezijos rinkinys „VALDIKS“
MIŠKAS OŠIA

Prekybos ir Pramonės Kooperatyvo Spaustuvė, Vilnius,
Trakų g-vė 7

*

אַלץ איז ווערדיק פֿאַר מײַן אויגס געוואָגל,
אַלץ איז חָשובֿ, טײַער פֿאַר מײַן סטראָף:
גראָזן, ביימער, ערד, אַ קוואַל, אַ לאָגל
און די ווײַטע פֿאַרביקייט פֿון שלאָף.
און אין אַלץ באַגעגן איך אַ שפּליטער
פֿון אֵין־סוף.

כ׳זע מײַן לײַב אין ווײַס פֿון דער בעריאָזע,
כ׳פֿיל מײַן בלוט אין בליִונג פֿון אַ רויז,
און אויס דער נאַטורס מעטאַמאָרפֿאָזע
וועב איך פֿון דערקענטעניש אַ הויז.
און אין אַלץ אַנטפּלעקט זיך מײַן געביטער
טיף און גרויס.

פּראָסטע שטויבן רעדן פֿון פֿאַרגיבשאַפֿט,
שטילער טוי – פֿון לײַכטנדיקן גנאָד.
עפּל זאָגן אָן פֿון קלוגער ליבשאַפֿט
צו דעם ווײַסן, אָפּגעשיידטן סאָד.
און ס׳איז יעדע רגע אָן אַ הימען –
מיר אַ שאָד.

אַלץ, וואָס ווערט פֿון מיר דערפֿילט, איז מײַניק.
ווּ נאָר ס׳גרייכט מײַן וואָרט, בין איך פֿאַראַן.
ווי אַ קוואַל אין מדבר שלאָגט דער תּענוג
און ער לאָקט מײַן לעבנס קאַראַוואַן.
און אין אַלץ, אין אַלץ איז דאָ דער סימן
פֿון מײַן שפּאַן.

# דורך זוניקע נעכט

גירלאַנדן=געפֿלעכט
אויף טויער און טיר.
דורך זוניקע נעכט
גיי איך צו דיר.

אַ קלאָרע לאַזור
נעמט שפרייען מיט שײַן.
עס רעדט די נאַטור:
„ביסט מײַן, איך בין דײַן“.

איך פֿרעג בײַ אַ בוים:
וואָס איז דײַן באַגער?
„זיך צווײַגן אין רוים“
אַן ענטפֿער איך הער.

# ערדישע הימלען

אַ מַחנה רונדע הימלען
הויערט אויף דער ערד,
ווי לײַנענע געצעלטן
פֿון געהיימע ריזן.
אָ, ווער האָט זיי פֿאַרבונדן
מיט דער פֿײַכטער ערד ?
קיין ענטפֿער איז ניטאָ.
ניטאָ.
ניטאָ.
וואָלט כאָטש די האַנט פֿון וווּנדער
איר שאָטן בלויז באַוויזן !

דער ערשטער הימל פֿײַערט,
אָטעמט־אויס אַ וואַלד.
דער וואַלד איז ערשט געבוירן,
ס׳פֿלייצן פֿון אים טרערן.
אַ בלאָער וואָלקן נידערט
אויף דער באַק פֿון וואַלד :
אַ קוש — און מער ניטאָ.
ניטאָ.
ניטאָ.
דער וואַלד נעמט גליִען, טונקלען,
ווערט מחוץ פֿון ווערן.

אַ טיר פֿון לופֿט באַווײַזט זיך:
צווייטער האָריזאָנט.
און אַ זיגזאַגיק טײַכל
צאַפּלט צווישן שטיינער.
אַ ווערבע גלעט עס, האַלדזט עס
בײַ דעם האָריזאָנט – –
קיין פֿײַנטשאַפֿט איז ניטאָ.
נימאָ.
ניטאָ.
ס׳איז ליבשאַפֿט בלויז פֿאַראַנען,
ווײַטער קיינס און קיינער.

אַ שפּאַן אין דריטן הימל –
בלאָנדיק זאַנגענפֿעלד.
אַ יונגע דאָרפֿספֿרוי דרימלט
מיטן סערפּ דערלעבן.
דער סערפּ קוקט שאַרף און צייניק
צו דעם זאַנגענפֿעלד.
קיין מורא איז ניטאָ.
ניטאָ.
ניטאָ.
עס לעבן אַלע טויטן.
אַלע טויטן לעבן.

אין פֿערטן הימל – אָוונט.
אין דעם פֿינפֿטן – נאַכט.
אַ מילכוועג פֿירט אין זעקסטן
צווישן ווײַסע טויבן.
אין לעצטן הימל פּלוצעם
לעשט זיך אויס די נאַכט.
און שוין. זי איז ניטאָ.
ניטאָ.
ניטאָ.
די לעבעדיקסטע זעונג
פֿאַלט פֿונאַנד אין שטויבן.

# די ראַנדן פֿון אַ טײַך

איך זע פֿון הויכן באַרג, ווי ס׳בלאַנקען
די ראַנדן פֿון אַ טײַך. ביז העט
בײַם האָריזאָנט פֿאַרטונקלען זיי און צאַנקען
און לײַכטן זילבערגרין און פּיאָלעט
אויף ס׳נײַ – און טונקלען ווידער. כ׳קוק אַרונטער
אין טײַך, וואָס לעשט מײַן פּנימס צונטער
און לײַטערט מיר מײַן גוף, מאַכט קלאָר אים,
און זאָג צו מזרח, מערבֿ, צפֿון, דרום:

– פֿאַרנעמט און זעט,
ווי אונטן, צווישן בלעטערוואַרג און שטיבער,
איז אָנגעשריבן מיט אַ קאַלטער טײַכנשריפֿט מײַן נאָמען.

דערציילט פֿון אים דער גאָרער וועלט דעריבער.
אָמן.

## וואַלדיקס

אין טראָפּנס טוי צעפּאַלט דער חומר
פון גראָז און בלום.
און ווער עס וויל
קען זען דאָס איידעלע געשפּיל
פון שוואַרץ און פייַער, פון בלאָ און זילבער.
רונד אַרום,
אויף דרערד צעלייגטע, שלאָפן ביימער,
די שאָטנס וואַקסן אין דער הייך.
די לופט איז קיל און ווייך
ווי טרוקן וואַסער.
שווייַגיק, רויִק
קושן זיך צונויף די שטילע שטעגן.
ווו=ניט=ווויִק
פינטלען גרינע גלימערלעך אַנטקעגן.
עס ציטערט=אויף אַ נעסט,
עס לייַכט אַ קוואַל.
דו זעסט,
ווי וועלטן דרייען זיך אויף אַקסן
און ווי אין טויען שפּיגלט זיך דער אַל.

אויב ס'וואָלט איצט ווער געגעבן אַ געשריי,
איז וואָלטן אַלע הימלען זיך צעשאָטן
אין קאָסמישער בהלה.
ס'איז אָבער ש=ש=ש. און בלויז אַ סאָלאָוויי
וואַרפט גייַסטעריש אַ שאָטן נאָך אַ שאָטן.
און ווערליק זייַנע שטערנדיקע נאָטן
אַנטפּלעקט ער אי זייַן סאָלאָ
אי זייַן וויי.

# פֿאַרלוירענע נעסט

זעסט
אויפֿן וועג די פֿאַרלוירענע נעסט ?

איר וווינער, איר וווינער אַנטרונען,
און זי האָט דער ווינט דאָ געבראַכט,
און דו, וואָס דײַן היים איז די נאַכט,
האָסט אַ וואַרעמע נעסט איצט געפֿונען.

# צווייביימער

צוויי ביימער מיט שטאַמען
פֿאַרפֿלאָכטן צוזאַמען.

פֿאַרפֿלאָכטן, פֿאַרפֿעכט
די ביימערשע גופֿן,
צוזאַמען,
צוזאַמען,
דורך טעג און דורך נעכט.

אַ האַרץ אין אַ האַרץ,
געשלעכט אין געשלעכט,
ווי צוויי גרינע פֿלאַמען
פֿאַרפֿלאָכטן
צוזאַמען
אין אייניקער איינקייט.

די טויִקע קרוינען –
אין הייליקער שיינקייט.
די צווײַגן – אין גליקלעכן תּענוג
צעשפּרודלט.

און ס'פֿירט צו די ביימער
אַ וועג, מיט אַ צושריפֿט
פֿון זונענשײַן, לאמור:

דער וועג
צו דער ערדישער ליבע.

# לאַנדשאַפֿט

דער הימל – ווי דער חלום פֿון אַ דולן,
ניטאָ אין אים די זון. זי בליט און קוועלט
מגולגל אין אַ הייסן, פֿולן
און ווילדן רויזנביימל אויפֿן פֿעלד.
דער ווינט איז אַ מכשף. ער פֿאַרקנעפּלט
דעם טאָג מיט נאַכט.
אַ וואָרצל צו אַ וואָרצל עפּעס פּרעפּלט.
אַ וואָלקן לאַכט
פֿון שלאָף. עס ווינקט פֿון וואַלד אַ בליציק אייגל.
ווי פֿאַלנדיקע שטערן פֿליִען פֿייגל.

# רעגנס פֿון פֿאַרבן און בלומען

## א

רעגנס גייען,
שלאַנגענדיקע, זאַנגענדיקע רעגנס —
מַחנות נאַסע ווינטן גאַלאָפּירן אויף דער ערד
און קריצן אײַן
און בליצן אײַן
חלומות ניט קיין הײִקע,
    געדאַנקען פֿריש צעוואַקסענע,
גרין=בלײִקע,
    צעשלאַקסענע,
דערשראָקענע פֿון רוישנדיקער גבֿורה
דער צעהימלטער.
און הינטער זיי — אַן אָוונט אַ געבלימלטער.
און הינטער אים — אַ דערפֿעלע
פֿון דרערד אַרויסגעשווענלט,
אַ וועג,
    אַ קאַרשן=גאָרטן
און
    אַ מענטש.
דאָס אַלצדינג האָבן רעגנס איצט באַפֿלעמלט.

## ב

איך בין דאָס געבויר פֿון די וועלדער,
וואָס ווילן זיך הימלען פֿון דרערד.
און דו ביסט דער זוניקער מעלדער,
אַז אַלץ וואָס איך טראַכט איז דערהערט.
פֿון וואַנען דײַן גיי און דײַן קומען,
איך ווייס פֿון מײַן לויטער גערייד,
אָ, פֿײַערדיק־פֿלייציקע פֿרייד,
אָ, רעגן פֿון פֿאַרבן און בלומען.

איך ליג אונטער גראָזיקער פֿײַכטקייט,
פֿאַרוועבט אין געדאַנק פֿון דײַן שײַן.
דערפֿיל איך אויף מיר אַ באַטײַכטקייט,
ווי מישונג פֿון חלום און ווײַן.
דײַן שיינקייט באַוואָרטיקט מײַן גומען.
דײַן פֿײַער צינדט אָן מיך ווי זײַד.
איך בעט דיך: באַלעב מיך און שנײַד
מיט שטראָמען, מיט פֿאַרבן און בלומען.

און דו, ווי אַ שטערנגוף לויטער,
פֿאַרנעמסטו די רייד פֿון מײַן גײַסט,
וואָס לוישפּערט צו דיר אַ פֿאַרטרויטער,
און אַל מײַנע בלוטן באַפֿרײַסט
פֿון זייער פֿאַרגליווערטן שטומען.
איך פֿיל ניט אַליין, ווי איך טו
צו דיר זיך אַ הייב פֿון מײַן רו,
דו, רעגן פֿון פֿאַרבן און בלומען.

פֿאַרהילסט מיך אין דײַן פּעלערינע
און לײַטערסט מײַן לײַב מיט דײַן גנאָד.
אָט פֿינקלען שוין וועלדער גאָלדגרינע
באַהאָנגען מיט ליכט און מיט סוד.
איך פֿיל: האָסט מײַן תּפֿילה פֿאַרנומען
און האָסט זי אין זעונג פֿאַרגופֿט.
איצט וועלדער איך אויף אין דער לופֿט,
באַרעגנט מיט פֿאַרבן און בלומען.

# אין איינעם אַן איינמאָל

ווי אַ קאַרשנבוימס בליט אויפֿן פּאָן פֿון אַ יאָדל,
האָט איר ווײַסקייט געקוואַלט אויף מײַן גוף דעם שוואַרץ־ערדיקן,

און די זון האָט באַזאָטן מיט גלײַיקן יאָד
אַ בורשטיניקן בלאַט, וואָס געזונגען האָט ווערדיק.

משוגעת אָדער ליד איז באַשאַפֿן געוואָרן –
פֿון דער וועלטס ערשטן חלום – אין רגעס אַזעטיקע.

און דאָס שווײַגן אַליין איז געווען אונדזער וואָר,
וואָס האָט מער נאָך ווי שלאָף אונדז געמאַכט דעמלט זעטיק.

ווען דער קאָפּ פֿון מײַן שאָטן איר האַרץ איז באַפֿאַלן –
האָט איר האַנט אים אַ כאַפּ געטאָן צו זיך אין ציטערן.

און עס גליט אין איר חָלום פֿון יעניקן פֿאַל
מײַן געשאָטנטער קאָפּ, און אַלץ פֿײַנלעכער ציט ער.

# עלעקטרישער אינהאַלט

שטערן שטורעמען און שטערנען
ווי ס׳עלעקטרישע געגאָס
אין גראַניטענע ציסטערנען, –
דורך דער פֿינצטער לײַכט אַ שלאָס.

ס׳אָטעמט גאָלד פֿון שוואַרצע היילן –
קיינער גיט עס ניט קיין קלײַב.
עמעץ זאַלבט מיט בלאָע איילן
אַ געדאַנק, וואָס זוכט אַ לײַב.

ריר ניט אָן די גראָזן, בלעטער,
איטלעכס שטויבל איז אַ בליץ.
שווים אַוועק אין שטילן עטער
צו אַ האַרץ אַ צווייטס, אַ דריטס.

פֿייגל פֿלאַטערן. משונה
פֿאַלן זיי אין אָפּגרונט באַלד.
און די ווײַסע געטין לונע
טאַנצט אַ נאַקעטע אין וואַלד.

## פֿײַער

נשמה פֿון ערדישן הימל
און הימלישער ערד!
דו, זעצוודיק=רויטע געשטאַלט,
וואָס לעבן צו קענען
מוזטו פֿאַרצוקן די גרינע קרבנות,
וואָס אַליין האָסט באַשאַפֿן
אין טאָל פֿון אַמאָל.
און שלינגסטו נאָר איַין זייער בלוטיקן דאָרשט –
ביסטו אויס.
בלויז עטלעכע בליקן
פֿון דייַנע אומצאָליקע אויגן
פֿאַרבלײַבן אַ ווײַל אין די אַשיקע הייסע געביינען.

אין דיר – די צעצונדענע פראַכט
פֿון גילדענע פליינען.
אין דיר אַ פֿאַרשווונדענע מאַכט
מיט צווײַגיקע, טייגיקע גרינען.
אין דיר אַ געבונדענע שווײַגיקע נאַכט
און דער ערשטער באַגינען.

## ל̄יבשאַפ̄ט צו דער ערד

דו גיי מיט מיר ניט אין קיין סטערדיש,
כ׳האָב ל̄יב די ערד ווי הימל̄,– מערער!
און וואָס מער הימל̄, ווערט מיר קל̄ערער,
אַז איך בין ערד, אַז איך בין ערדיש.

# ערדיש

אַלץ איז ערדיש, אַלץ איז אייגן,
פרעמד איז בלויז דאָס אייגן לײַב,
ווי דו זאָלסט דײַן קאָפּ ניט לייגן —
מאָנט אַ שטים: פאַרבלײַב, פאַרבלײַב.
דײַנע זענען די ניגונים,
וואָס באַזוניקן די פעלדער,
און די ריחות פון געשניט.
דײַנער איז דער קוואַל, דער ברונעם,
און ס'איז יעדער שטעג אַ שוועל דיר,
ווי עס קלאַנגען פולע זאַנגען,
און עס מאָנען ווילדע מאָנען,
ווען עס טרעטן ווי געבעטן
דײַנע בענטשנדיקע טריט.

אויבן איז אַ וואַסער, אונטן —
שווימט דורך גראָז אַ ליכטיק פערד.
לעבן באַרגוואַלד דעם באַזונטן
שלאָפן וואָלקנס, און די ערד
רעדט אויף שוואַלבנשפּראַך צו אירע
גרינע קינדערלעך די גראָזן,
ווי דו הויערסט יונג און גרינג.
און אַ רואה־ואינו־נראה
נעמט מיט דימענטקייט באַבלאָזן
די געבלימלונג, די באַהימלונג,
אַלע שטראַלן, אַלע אַלן
און די שליאַכן, וואָס פאַרמאַכן
זייער וואָגל אין אַ רינג.

אָט – אַ פלאַקסן=פלעק, בלאָ בליט ער
ווי אַ הימל צווישן ווייץ.
דורך אַ וואָלקן שפּאַנען שניטער.
באַרגאַראָפּיק, מיט געפּלייץ,
יאָגן שעפסן אין אַ סטאַדע,
ווי אַ שטראָם פון לײַכטן גינגאָלד,
און פאַרלעשן זיך אין טאָל.
און אַ ביימער=קאַוואַלקאַדע
לויפט גאַלאָפּיק און באַרינגלט
דעם זכּרון. צווישן קאָרן
וואַקסט בשתיקה ווײַסע גריקע
ווי דער פײַכטער מילכוועג=לײַכטער,
און אין איינעם – בליט דײַן קול.

אויף די טײַכן שווימען שײַטערס –
רויטע הירשן פון דער נאַכט.
דורך די שלייפן יאָגן רײַטערס:
– גיכער, גיך, גיב אַכט... גיב אַכט...
אַלע ליכטן בלאָלען, טונקלען,
אַלע איכן ווערן דוען.
ס׳האַרץ איז פרעמדער ווי דער פליין,
ווו עס ציטערן ראַנונקלען
און די לעצטע אָטעמס רוען.
אַלע סטויגן קריגן אויגן,
די געפילן דרימלען, שטילן,
אויך דײַן גלי ווערט גראָ פאַרגליווערט: –
אַלץ איז איין און דו – אַליין.

# אין אָפּגרונט פֿון אַ זאַנג

האָט דיך ווען געפֿאַנגען אַ זאַנג פֿון צווישן זאַנגען?
מיט מיר איז עס געשען אין פֿעלד, ווו כ׳בין געגאַנגען.

אַ זאַנג פֿון מיטן פֿעלד
איז מיר דעם וועג פֿאַרלאָפֿן —
פֿאַרלאָפֿן און פֿאַרשטעלט
דעם וועג צו אַלע סופֿן,
און תּיכּף מיך געבונדן
מיט בליצונג פֿון זײַן אייגל.
מײַן ווילן איז פֿאַרשוווּנדן
אין שאָטן פֿון די פֿייגל,
און דורך מײַן גוף האָט פּלוצעם
געטאָן אַ פֿלי, אַ טאַנץ
מײַן גײַסט און זיך פֿאַרתּעגוגט
אין קאָרענער סובסטאַנץ:
איך האָב אין איר דערטאָעמט
די פֿאָרמען פֿון אַ הימל,
צו וועלכן ס׳האָט גענאַרט מיך
דער אָוונטדיקער וועג.

אַזוי האָט מיך געפֿאַנגען אַ זאַנג פֿון צווישן זאַנגען
און אויפֿאַנטפּלעקט אַ וועלט פֿון כּולו פֿרייד און קלאַנגען
וווּהין איך וואָלט צופֿוס
קיינמאָל ניט דערגאַנגען.

## בײַם נאַראָטש

אויף שוואַרצן וואַסער בלאַנקען ווײַסע בייגעוודיקע זעגלען,
און אונטער זיי די כוואַליעס וויגן־אויף אַ הימל שטערן.
עס וואַקסט אַרויס די נאַכט פֿון וואַסערס קוואַלעדיקן קערן,
פֿון וועלדער־זוימען פינטלען רויטע פֿײַערלעך ווי סֶגלען,

און איצטער קען מען הערן
די שפּראַך פֿון ליכט און שאָטן.

די שפּיגלדיקע הימלען ווערן פֿון געדאַנק באַטראָטן.
די ווײַסע זעגלען וואָגלען ווי לונאַטיקער, באַרעגנט
מיט כּישוף־ליכט, און קענען ניט געפֿינען זיך אין געגנט.
די פֿינקלדיקע היימען זענען אָפּגעשיידט, פֿאַרבאָטן:

פֿון שוואַרצער ווײַט אַנטקעגנט
דער האַר פֿון ווײַסע שיפֿן.

...כ׳בין הײַנט אַ ווײַסער זעגל אין דעם שוואַרץ פֿון מײַנע
טיפֿן.

נאַראָטש, יולי 1938

# אין אַ זומער־פֿרימאָרגן

## א

אַ געוועב פֿון סאַפּיריקן עטער
זענען מײַנע פֿרימאָרגיקע וועגן,
דאָך זיי האָבן דורך נאַכטיקייט שפּעטער
מיך געבראַכט צווישן בערג, ווו אַ רעגן
פֿון פּלאַנעטישער שטילקייט באַהויערט
די דערשראָקענע ווינטבלומען, קרײַטער
און די פֿריש־אויפֿגעשניטענע רויערד. —
נאָר די יונגזון מיט אירע געלײַטער
נעמט שוין הינטער די באַרגוועלדער שפּריצן
ווי אַ גייזער פֿון פֿאַרבן, און אירע
אויפֿגעשטראַלטע געדאַנקען באַבליצן
אַ געוואַסער. אַ זילבערנע לירע
איז די לופֿט, און אַ טרילערשער ניגון
ווערט אַרײַנגעהויכט איצט אין די סטרונעס,
וואָס אַ ווינט ווי אַ האַנט נעמט צעוויגן.
און פֿון ווײַטן די זאַנגענע דיונעס
נעמען אינדלען אין פֿײַכטלעכן אוגער,
ביז די אַלע פֿרימאָרגיקע בילדער
גייען־אויף אין דערקענטעניש קלוגער
אין געוועב פֿון מײַן שילדער.

## ב

אָ, פֿון וואַנען די גרינע קרישטאָלן,
וואָס באַגלימערן בערג רונדאַרומיק?
און די גראָזיקע, ראָזיקע טאָלן,
ווו עס פֿיבערן שטערנדלעך? בלומיק
איז מײַן בלוט. ווי ס׳געדאַכט פֿון אַ גאון
שטראָמען ווינטלעך מיט וואַרעמע בלאָזן.
אין דעם מדבר פֿון לופֿט בליִען בלאָען
ווי אָאַזיסן קלאָרע. די גראָזן
זענען מוחל די טריט, וואָס באַטרעטן
זייער גרינע מחשבֿה. אַ קוועלכל
זינגט אַרויס אויף אַ פֿליין פֿיאָלעטן
מיט אַ לאַמיקן, גראַמיקן קולכל.
דורך די ווערוריקדיק=נוסיקע וועלדער,
וואָס פֿאַרלירן אַצינד אַלע מאָסן,
שפּרײַזט די זון מיט די פֿלאַמיקע טרעלדער –
און דער דרײַבלאַט ווערט רויטלעך באַגאָסן.
ס׳האָט דער שֶׁפֿע=באַשאַפֿער באַגורטלט
מײַן געפֿיל, און ער קלאַפּט אין מײַן דופֿק.
און דער פֿריִיקער גײַסט מײַנער טורטלט
פֿון זײַן שלאָף און ווערט אויפֿיק.

## ג

דו, פֿאַרפּעכיקטער יאָדלֿבוים שלֿאַנקער,
פֿון דעם זוניקן שטראָם אָפּגעזונדערט ;
דו, טורקוזיקער קוועלֿברונעם בלֿאַנקער,
וואָס דײַן שפּיגלֿשאַפֿט זינגט און פֿאַרוווּנדערט
מײַן געדאַכט ; איר,ברילֿאַנטיקע מאָנען
מיט די האָריקע קלֿעפּיקע שטענגלֿעך,
און אויך איר, לֿיבע טרילֿערס, וואָס טראָגען
אין דער לֿופֿטן, און אַלֿץ וואָס פֿאַרגענגלֿעך
און וואָס אײביק, — אײַך אַלֿעמען איצטער
מײַנע ברכות ! ווײַלֿ אַלֿ מײַנע חושים
ווערן ערשטיק, מײַן גוף – אַ באַשיצטער
מיט דער צײַטס אַלֿע צײַטנס לֿבֿושים,
און אין אײַערע אײביקע בלֿוטן
איז אויך מײַן בלֿוט פֿאַראַנען, און אונטער
אײַער לֿיבלֿעכן בלֿיק דעם באַרוטן
בין איך ערדיש – אַ שטאַם אַ פֿאַרגרונטער.
אויך מײַן לֿעבנס געהיימסטע באַשיידן
קוואַלֿן=אויס פֿון דער טיפֿעניש אײַער.
אונדז פֿאַרבינדן די זעלֿביקע פֿריידן
און דאָס זעלֿביקע פֿײַער.

## ד

דו, באַגעגנטער מענטש אויף די שטעגן
לעבן פולע באַרייטלטע סעדער, –
אונדזער פריידיקער פריַער באַגעגן
איז ניט אַנדערש אַ נס, און דײַן יעדער
באָרוועס טראָטיקער קענט איז דערציילניק
פון דײַן גורלס אַ בלוטיקן ראַנגל –
כאָטש די זון האָט געשאָנקען איר חלק
אויכעט דיר, ווי דעם טויַיקן זאַנגל,
ביסט מיר נאָענט. איך זאָג דיר גוטמאָרגן
און דערלאַנג דיר די האַנט, ווײַל עס אייניקט
דאָ אונדז ביידן דער פאַרביקער מאָרגן,
און די זון, אונדזער אורמאַמע, רייניקט
אַלע שאָטנס און שמעקט ווי אַ גערטל
און מיט בלאָלעכע ריחות פון הייען,
און דעם ווינטלס געציטערטער צערטל
איז אַ באַלזאַם פאַר אונדזערע ווייען.
לאָמיר, שווײַגיקער ברודער, צוזאַמען
צום יסוד פון דער וועלט זיך דערגרונטן,
צום פאַרבאָרגענעם שטאַם פון די שטאַמען,
צו דעם אויבן און אונטן.

# די ראַבינע

די ראַבינע לאַכט אינעם פעלדישן ווינט,
די אָרעמס – מיט זונוועבס באַשפּינט.

דער מאָלער, וואָס צינדט די פּאַרציטערטע בלעטער,
פאַרענדערט די גרינען אין ברעניקע געלן, –
און שפּאַכטלט די וועגן מיט בלוט פון פאַלעטער –
ער האָט זי באַהאַלדזיקט מיט פורפּלנע קרעלן.

איז פינקלט זי איצטער אין זיי צו די פליינען
די טרויעריק־פרייליכע בענקערין! ס׳פעלט
איר בלויז אין די איידעלע פינגער אַ לירע.
דערפאַר אָבער זינגען די קרעלכעלעך אירע,
דערפאַר אָבער... נאָר מיט אַ מאָל נעמט זי וויינען,
אַזוי ווי אַ נאַכטפויגל ווײַט אין דער וועלט:

דאָס האָט זי דערשפּירט, ווי אַ טרוקענער בלאַט
באַרירט איר די הויט מיט דעם טויטס אַראָמאַט.

# שטערן ווערן גאַרבן

די גאַרבן גאַפן קאַלט ווי ראָזע שוואַנען –
זיי ווילן איצט אַוועקשווימען פון דאַנען
אונ זייגן־איַין די רייד
און דעם באַשייד
פון זיבן שטערן,
וואָס הענגען אויפן הימלבוים
און הערן.

און אָט: די זיבן שטערן פיַערפאַלן
צום פעלד אַראָפ.
אַראָפ,
אַראָפ –
זיי ווילן ווערן גאַרבן דאָרט, זיי איַילן.
דער נס געשעט. די גאַרבן שווימען אָפ,
און זינגען אַ געזעגנס און פאַרגיבן
די וואַנדער־שטערן פון דער וויַט,
וואָס ווערן גאַרבן, איַינגעוועבט אין ציַיט,
און ס׳קניִען פאַרן ווונדער פון פאַרביַיט –
די זיבן.

# אַ צווײַגל קאַרשן

כ׳האָב געבראַכט פֿאַר דיר אַ צווײַגל קאַרשן,
צײַטיק, צאַפּלדיק, ווי מײַן געדאַכט.
הער, ווי ס׳אָטעמט נאָך. פֿאַרנעם און גרשן
זײַנע ליניעס, פֿאַרבן, צייכנס, – ביזל
זייער גלי פֿאַראַשיקט ניט די נאַכט.

קוק עס אָן! אין יעדער קאַרש באַזונדער
עקבער־אײַן דעם נײַגעריקן בליק,
און דערפֿיל, ס׳גייט־אויף אַ קליינע זון דיר
פֿון דער זאַפֿט וואָס קרײַזט אין אַ געריזל,
אונטער הײַטל, פֿול מיט פֿײַן און גליק, –

פֿײַן פֿון אויפֿשפּראָץ, בליִעכטס און באַבלעטער,
וואָרצלדיקער שטראָם דורך טעג און נעכט;
פֿרייד פֿון זון אין פֿרילינגדיקן וועטער
און דאָס גליק בײַם זען אַ פּרי הענגען,
אין געבליץ און שטורעמדיק געפֿעכט.

ס׳איז פֿאַראַן אין דעם אי מוט, אי גלויבן,
זון־פֿאַרליבטקייט, אימפּעט און געיאָג,
גבֿורהשאַפֿט אַרויסצוטאַנצן אויבן,
פֿון די טיפֿענישן, און זיך ברענגען
צו דער לופֿט, צום רעגן און צום טאָג.

קוק עס אָן – און פֿיל, ווי זויבער, זוניק
ס'בייגט זיך דאָס פֿאַרוויינטע צווײַגל. שפּיר
זײַן געציטער – דין, באַהאַרצט און סטרוניק,
ווייך און שטיל ווי אָטעם אויסגעבריענטער, –
און זײַן גלוסט אַרײַנצוגיין אין דיר.

*

איצטער איז שוין דײַנס דאָס צווײַגל קאַרשן:
האָסט דערקענט דעם וווּנדער פֿון זײַן שטאַם.
האָסט דערקענט – אַצינד זײַן שיינקייט בּרשן!
בייג צו אים די ציינער דײַנע נענטער
און פֿאַרזוך פֿון אייביקייט דעם טעם!

# אַן עפּל

רײַס ניט אָפּ דעם פֿײַערבלאָנדן עפּל
פֿון זײַן בוים, —
ווען ער גאָלדיקט ווי די זון דורך נעפּל
אויף זײַן בוים,
און זײַן דינע הויט קען קוים
האַלטן ס׳גליִיִקע געטריף
אויס דער טיף.

זאָל ער ווײַטער וויגן זיך אין לײַכטן
זונענווינט,
זאָל ער נאָך אַ מאָל אַ לײַכט טאָן
דורכן ווינט,
איידער פֿון זײַן לײַב צערינט
אין אַן ערדישן פֿאַרטרוי —
ס׳בליצל טוי.

זאָל ער פֿילן, ווי דאָרט ווײַטיק,
אויף אַ פֿליין,
ווערט זײַן עפּלצײַט פֿאַרשאָטן.

זאָל ער פֿאַלן פֿול און צײַטיק
איין אַליין
אויף זײַן שאָטן.

*

גוט, וואָס קלײן און אָרעם
איז מײַן שטילע ערד; וואָס מיט אַן אָרעם
רינגל איך אַרום זי, צערטל
אירע קוואַלן־אָדערס, איטלעכס ערטל
פֿון איר שֶטח, ווו באַהאַרצט, באַקלוגט לוגט
אַ קלײנע זון פֿון יעדן שפּרינקל,
ווינקט אַ ליבלעך אויג פֿון גרינעם ווינקל;
ווו די אַלטקײט הערט שוין אויף צו אַלטן.

גוט, וואָס זי איז קלײן מײַן ערד: פֿאַרוואָר,
וואָלט זי גרעסער זײַן כאָטש אויף אַ האָר –
ווו וואָלט איך איר אײביקײט באַהאַלטן?

# זִכרון פֿון אַ בליץ

## א

עס האָט מיך געבוירן אַ בליציקער שטורעם,
הגם כ׳בין דאָס שטיל־זײַן.

איך בעט בײַ מײַן דעמאָן: פֿאַרבײַט מיך, פֿאַרפֿורעם,
אין דעם, וואָס איך וויל זײַן.

פֿון צוויי אָנגעלאָדענע וואָלקנס מיט פֿײַער
אין ליבשאַפֿט צעבליטער —

בין איך אַ געבויר אין פֿאַרוואַנדלעניש נײַער,
בין איך זייער דריטער.

איך האָב ניט קיין עלטער. כאָטש, קנאַפּע סעקונדן
אַנטפּלעק איך מײַן צייכן.

כ׳בין יונגשאַפֿט. כ׳בין אָנהייב. מײַן גײַסט איז פֿאַרבונדן
מיט הימלישע הייכן.

## ב

איך האָב געזען אַ שוואַרצן בוים אין פֿעלד,
אַן עלנטן, –
האָב איך אויף זײַן געצווײַג
אַ וואָרף געטאָן אַ פֿײַערדיקן רינג:
– „ניט שרעק זיך, בוים,
דאָס איז פֿאַר דיר אַן אָנדענק“.
דער בוים האָט זיך דערשראָקן, זיך פֿאַרפּורפּלט,
שטאָק אַליין
געגומען לויפֿן, לויפֿן ווי אַ ברענעדיקער הירש,
אויף באַרג, אין טאָל און דורך די פֿעלדער.
זײַן אָנגעצונד האָט אַלץ באַפֿלאַמט,
אי שעפּסנדיקע דערפֿער,
אי וואַסערן – די אויגן פֿון דער געגנט,
און אויך דעם גַזלן אין געדיכטן וואַלד.
דערנאָך
(עס האָבן אַלע גלעקער זיך צעקלימפּערט)
האָט זיך דער בוים אין טײַך אַרײַנגעוואָרפֿן.

## ג

געקומען בין איך ניט געבעטן,
דיך, וועלט, צו פֿאַרשטיין –
אַ פֿויגל פֿון צווישן פּלאַנעטן,
געאײַנציקט און איין, –

כּדי מיט די קאָסמישע ליפּן
צו קושן דײַן שטויב
און אַל מײַן געדאַכט צו פֿאַרקניפּן
מיט דיר און דײַן גלויב.

געקומען בין איך אַזוי בלענדיק,
ווײַל נאַכט האָט געהערשט.
קען זײַן, איך וועל קומען אויף שטענדיק
אַ יונגער, ווי ערשט.

פֿאַרוואָס מאַכט מען צו טיר און טויער,
ווען כ׳גיב זיך אַ טראָג
מיט פֿרייד, צו פֿאַרטרײַבן דעם טרויער
פֿון יעדערן, זאָג?

מע מיינט, אַז מײַן שאַרפֿע צעליכטונג
פֿאַרלענדט יעדנס בליק, –
כ׳בין אָבער בלויז ריטעם, בלויז ריכטונג,
נשמה, מוזיק.

קען זײַן, אַז איך בין דיר אַ פֿרעמדער, –
איך ווייס, איך פֿאַרגיב.
נאָר וויסן זײַ, וועלט, און פֿאַרנעם דיר:

**כ׳האָב אייביק דיך ליב.**

## באַרגישע שטראָמען

ברידער, ווי יאָגיקע באַרגישע שטראָמען
פּלייצן אַוועק מײַנע לעצטע חלומות,
רוישיקע, שוימיקע, שלעפּן מיך מיט
אין גאַלאָפּ.

פּרוּוו איך פֿאַרוואַרפֿן ווי אַנקערס די אָרעמס,
צוימען די כוואַליעס מיט בראָנדזענעם אַקסל, —
פּאַטשט מיך אַ ריזיקע, כוואַליקע פּויסט
באַרג אַראָפּ.

רוף איך די ביימער, וואָס כ׳האָב ווען באַזונגען:
„ביימער, כ׳באַשווער אײַך, פֿאַרצוימט מײַנע שטראָמען!"
ברעכן זיך וואָרצלען און ס׳טראָגט זיך אַ וואַלד
אין געאײַל.

רוף איך די וואָלקנס — די צייכנס פֿון גורל,
און איבער וואָלקנס די אייביקע שטערן:
„וואָלקנס און שטערן, זײַט איר כאָטש מײַן שוועל
אויף אַ ווײַל".

װיקלען זיך װאָלקנס אױף װינטיקע כװאַליעס
האָגלען די שטערן בײַ מיר אין די אױגן,
ביז איך דערהער אַזאַ משפּט: „קײן שװעל
איז ניטאָ".

„אױב ס׳איז ניטאָ, איז װעל איך זי באַשאַפֿן" –
ברום איך אַרױס מיט דער גאָרער נשמה –
אױסטרינקען װיל איך מײַן ערדישע צײַט
ביזן דנאָ.

שטילקײט און ענטפֿער. קײן פֿונק ניט פֿון אױסלײז.
צװישן מיליאָנען ניט אײגענע לעבנס
טראָג איך זיך ערגעץ מיט אורערשטן גאַנג
און געפֿיל.

כ׳װײס: כ׳װעל אַמאָל צו אײַך קומען. מײַן נאָמען
זינגען װעט הילכיק דער שטורעם. און צינדן
װעל איך פֿאַר אײַך דאָס פֿאַרלאָשענע ליכט
פֿון מײַן ציל.

## סיריוס

בלאָע געפֿלעמלעניש
נאָנטווײַטע פּראַכטיקייט
איבער דער דרעמלעניש
פֿון דער שפּעטנאַכטיקייט
דער אויסגעלײַטערטער,
גאָלדיק טורקוזיקער!
דו, אויפֿגעשײַטערטער
הימלישער מוזיקער –
זע דאָ מײַן צאָרנגלי,
ס'וואָרט מײַנס טו אָננעמען,
אין דײַן זכּרון־גלי
טו מיך פֿאַרפּנימען!

# אויף אַ באַרג

ס'איז אַ טאָן, וועלכער שאַלט,
ווען יעדע מוזיק איז פאַרקלונגען...
יהואָש

דאָרטן, ווו דאָס בלאָ פאַרשלינגט די גרינען,
יאָגט אַ וואַסערפאַל, און אין זײַן שטראָם
טוט די זון איר לעצטן בליק פאַרשפּינען,
און זי פליצט אינאײנעם מיטן שטראָם.

ס'בלאַנקט דער שטראָם אין טאָל, דורך פאַלדן, שפּאַלטן,
ס'ציטערט לײַכט די זונשײַן אויף זײַן דנאָ,
נאָר ער קען זײַן אוצר ניט באַהאַלטן
פאַר דער אומפאַרמײַדלעכקייט פון בלאָ.

אויפגעשטויס פון לופטיקע סטיכיִעס.
פײַער־עכאָס. און דאָס בלאָ געבערט
קוואַלן רו און קושט אַרויס דאָס חיות
פון דער ערד.

איצטער איז מײַן שעה,
פריידער און געביטער!
כ'בין אַ קלאַנג, אַ ציטער
אין דײַן טיפן בלאָ.
אויף אַ ווייכן סטויגל
האָסטו מיך באַשאַפן,
און אַ רויטער פויגל
פּיקט, פּיקט, פּיקט
בראשיתדיקע טראַפּן
אין מײַן שלייף און פלאַטערט
צו דעם שטערן סיריוס.

קאַראַוואַנען שאָטנס ווי די קעמלען
קניִען ביַי אַ וואַסער מיט געפּאָרכט
און פֿאַרבלײַבן שוין אין זיסן דרעמלען
אויף די ווייכע קני. די טויונג שאָרכט

צווישן ווײַסע בלעטער. בלאָע קינדער
מישן זיך צונויף מיט גראָז. אַ ווינט
קומט פֿון הימל אָן ווי אַ פֿאַרבינדער
פֿון געזאַנג און צײַט. די שטילקייט צינדט

פּיאָלעטע הענגבריקן אויף טאָלן.
פֿונעם וואַלד – אַ שטים פֿון שטימונג רופֿט.
אַ געמיש פֿון האָניקזאַפּט און פּיאָלן
איז די לופֿט.

גורל מײַנער, היט
מײַנע טריט פֿון וואַקל –
זײַ מיר אַן אָראַקל,
איצט, ווען אָוונט בליט
אונטער די געדאַנקען
און אין קרוין פֿון יאָדל,
און בײַם הימלס פּלאַנקען
בליצט, בליצט, בליצט
די נשמה פֿון די
שוואַרצלדיקע וועלדער.

אייביקייט? ווער ווייס, צי זי איז אייביק,
ווען דער זעלבער אָוונט וואָס אַצינד
וועט ניט קומען מער באַהאַרצט, דערהייביק
דורך די וועלדערס וואָרצלדיקן שרינט?

נאָר דער באַרג איז גלייביק. זײַן זִכּרון
פֿאַרגעדענקט די דורות, ווען ער איז
נאָך געווען אַ טאָל, און ווי געוואָרן
איז ער שפּעטער ערשט אַ באַרג, אַ ריז.

אַלצדינג איז פֿאַרוואַנדלעניש, באַנײַונג.
אַ סעקונד – און אַנדערש זעען אויס
די געבערג. די אַלטקייט ווערט אויף ס'נײַ יונג.
קליין ווערט גרויס.

כ'וויל דער שאָטן זײַן
פֿון דײַן אַליק פֿײַער, –
אָוונט, מײַן געטרײַער.
וויג מיך, זינג מיך אײַן
קעגן די מזלות,
דאָ, ווו כ'ליג פֿאַרביימערט
אונטער דײַנע פֿאָלעס.
גיב, גיב, גיב
פֿאַר מײַן גוף אַ היימאָרט – –

# גרינער היכל

## א

ערגעץ וווינט אַ מענטש פֿון וווּנדער, וועמען
דו ביסט טײַער, און דײַן מידער דמיון ראַסט און רוט
אין זײַן ווייכן בליק. ער טוט פֿאַרנעמען
יעדן טאָן, וואָס גלעקלט אין דײַן בלוט.
בײַ דער נאַכט איז ער אַ ווײַסער חלום
און באַלײַכט דעם תּהום פֿון דײַן באַגער.
קענסט אים. האָסט באַגעגנט שוין אַ מאָל אים –
נאָר האָסט ניט געוווּסט, אַז דאָס איז ע ר.

אַז דו בענקסט נאָך גרינס, ווער ברענגט דעם פֿרילינג?
אַז עס דאַרשט דײַן ליפּ, ווער ברענגט דיר קאַלטס?
דאָס איז ער, וואָס קומט צו דיר אַ שטילינק
און פֿאַרטרויט אַ סוד: „איך בין דײַן אַלץ".

דאָס איז ער, דײַן שירעמער דער ווײַטער,
האָסט ניט איין מאָל שוין זײַן האַנט געשפּירט.
דײַנע פֿײַנד פֿאַרטיליקט ער, פֿאַרשנײַדט ער,
און די ליבשאַפֿט זײַנע ווי אַ מירט
קילט דײַן שטערן. קענסט אים אויך איצונדער
זען פֿאַר זיך, ער בליט אין אַלדעם שיינס.
הײַנט, ביסט דו די וואָר, און ער דער וווּנדער,
מאָרגן – וועט איר ביידע ווערן איינס.

## ב

בלויז דיביימער-וואָרצלען, די געדאַכטן
פֿון דער ערד, געפֿינען אונטער טונקל-טיפֿן שיכט
זייער קוואַלנשלאָס, דעם פֿעסט פֿאַרמאַכטן,
הינטער וועלכן ס'האַרט אַן אייביק ליכט.
בלויז די גרינע, וואָרצלדיקע פֿינגער
טאַפּן-אָן דאָס הוילע לײַב פֿון צײַט, —
שנײַדן-דורך די שטיינערשע באַצווינגער,
ווערן ענדלעך אויסגעלייזט, באַפֿרײַט.

אָבער מענטשן ? אַך, זיי זענען לאָמע,
זיי דערגרייכן ניט קיין ווײַט, קיין טיף.
בליט אַ טרוים — פֿאַרשנײַדט אים די מלחמה,
פֿינקלט גאָלד — באַוועכטערט עס אַ גריף.

בעט איך בײַ דעם וואַלדגעדאַנק דעריבער:
נעם פֿאַרענדער אויך מײַן איטלעכס גליד
אין אַ וואָרצל — איך זאָל ווי אַ גבור
זיך דערגרונטן צו דעם קוואַל פֿון ליד
און מיט לויפֿיקס קילן מײַנע דאָרשטן,
און מיט וואַלדיקס פֿריידן מײַן געלאַף.
ברענג מיך צו דעם קוואַל דעם ניט דערפֿאָרשטן,
ווו עס טאָגט דער אָנהייב פֿון באַשאַף.

## ג

פֿול מיט הימל קוואַליקן די גריבער.
ווידער הייבט איר קאָפּ די רויטע מאָנבלום, און די שוואַלב
פֿליט בײַם וואַסער, און זי קוקט זיך איבער
מיטן רעגנבויגן. גרינע זאַלב
האָט דאָס פּנים פֿון דער ערד באַשפּרינקלט, –
שמייכלט עס אין זונשײַן ווי אַ קינד.
אויך דאָס פֿעדערגראָז האָט זיך צעפֿינקלט
אין אַ קרוין פֿון רעגנטוי אַצינד.

אַלץ איז אָנגעשטעקט מיט אַ באַגרינטער
זומערניש, און איבער שטעג און בייט
שוועבט אַ זונווינט, און די שטויבן צינדט ער.
דו בלויז, ווי אַ דאָרן ליגסט פֿאַרדרייט

בײַ די פֿיס פֿון באַרג, און דײַנע אויגן
מידיקן פֿון שיינקייט. זע, ווי נאָנט
ס׳לויפֿט דעם רעגנס פֿײַערדיקער בויגן,
און אין ווײַסן בערקנוועלדל טראָגט
דײַן פֿאַרהילכטע קינדשאַפֿט. פֿריש דערמונטערט
קומען דיר אַנטקעגן צײַט און אָרט – –
ווײַל די מאָנבלום האָט זיך הייס צעצונטערט,
און די שוואַלב איז איצט דײַן פֿײַליק וואָרט.

## ד

וואַלדאַנטפּלעק. די גרינע טירן אָפֿן.
פֿיר מיך, אייביק לעבן, צו דעם שפּיגל פֿון מײַן גײַסט, –
כ׳האָב אים נאָך ביז איצטער ניט געטראָפֿן.
ס׳האָט די נאַכט מיט נישטיקייט באַקרײַזט
מײַן מאַרשרוט, און איך בין ווי דער בושל,
וועמען עס האָט אָפּגעברענט די נעסט.
אָבער ווי די שטילקייט אין אַ מושל
רוישט אין מיר די זון – דו הערסט, דו זעסט?

אַלע מײַנע שאָטנס זוכן זייער
ליכטיקן באַשאַפֿער, זייער האַר.
און מײַן יעדער טראָט איז נאָר אַ גייער
צו צו ווײַטער קלאָרקייט. און דערפֿאַר

ציִען מיך די וועלדערס גרינע טירן,
כ׳עפֿן זיי און שפּאַן טיר־אויס, טיר־אײַן.
מײַנע חושים ליליען זיך און שפּירן
דאָס געגלעט פֿון וועלדערישער שײַן.
ס׳מינדסטע גרעזל וואַקסט מיך איבער, כ׳הויער
אונטער זײַן געווינטלטן באַריר.
ס׳איז מײַן גרינער טרויער – אַ פֿאַרטרויער:
זוכט אין איטלעכס בליִעלע אַ טיר.

## ה

הינטער גרינעם זונפֿאַרגיי דאָרט וואַרטסטו
אויף מײַן אָנקום, איבער פֿלאַנץ און בליט
ליגט די ליבשאַפֿט דײַנע אַ באַהאַרצטע
ווי אַ שפּריי. מיט ברענעדיקע טריט
גיי איך דורך די וואָלקנס דיך געפֿינען,
כ׳ווייס, ביסט דאָ, ביסט דאָיִקער פֿון דאָ,
ווי ס׳איז דאָ די ערד אין פֿײַכטן גרינען
און ווי איבער מיר — די שוואַרצע קראָ.

אָבער כ׳ווייס: כּדי צו זען דיך נאָענט,
דאַרף איך דורכגיין דורך דער זונס פֿאַרגיי
און דורך גאָר מײַן צײַט, וואָס ברענט, שׂגָעונט, —
דעמלט ערשט וועט קומען מײַן דערפֿריי.

נאָר איך האָב מײַן בלוט פֿאַרטרויט, באַשווּירן
אָט אַזוי צו זאָגן: ביז איך וועל
ס׳פּנים דײַנס ניט זען, וועט מײַן געבוירן
זײַן אַ גילגול, ווײַט פֿון יעדער שוועל.
אָבער אויב ס׳וועט שטאַרקן מיך דער גלויבן, —
כ׳וועל די זון צעשטויסן ווי אַ וואַנט,
וועלן ווערן טויען מײַנע שטויבן
בײַ דעם ערשטן אָנריר פֿון דײַן האַנט.

## ו

מאָרגן, ווען אין פֿלאַם פֿון רויטע גלוסטן
וועלן זיך די רויזן לעשן, ווּעסטו זיך, מײַן האַר,
אפֿשר אויך דערמאָנען, אַז אַנוסטן
האָט מײַן טראָט, אין פֿריידיקן געהאַר,
דיך באַגעגנט אויף אַ פֿעלד. ס׳איז דאַמלסט
זאַנגענצײַט געווען, עס האָט דאָס פֿעלד
נאָכגעקוקט דיר, ווי דו קלײַבסט און זאַמלסט
זײַנע פּירות אויף אין דײַן געצעלט.

כ׳האָב זיך ניט דערשראָקן, נאָר פֿון תּענוג,
אַז ביסט דאָ, אַ פֿאַל געטאָן אין גראָז,
ווי אַן עפּל גאָלדבאַהויכט און ווײַניק,
ווען ס׳טוט די צײַטיקייט אַ בלאָז.

כ׳ווייס ניט, ביז ווי לאַנג מיך האָט אַ דרימל
צוגעשמידט צו דרערד. ווען כ׳האָב אַנטוואַכט,
האָט מיר יעדער שטאַמל, איטלעכס שטימל
אויפֿאַנטפּלעקט, ווי ס׳איז פֿאַרפֿול די נאַכט
מיט דײַן פּנים, און אַ פּיצל בלימל
האָט מיר אויסגעלוישפּערט, ווי דו הייסט.
מיט אַ מאָל געוואָרן ביסטו הימל,
איך — אַ בערגל נאַכט, פֿול רו און טרייסט.

*

אַ טראָט – און ס׳איז דער אַלטער וואַלד שוין ייִנגער
פֿון ניגון, וואָס כ׳קוש אויס אין לופֿט. ס׳פֿאַרגייען
די פֿליישן מײַנע. אויף די גראָזן שטילן־אויס געשרייען
און ווערן טוי. איך בין מײַן קינד. אַ פֿריידגעפֿיל־באַצווינגער
שטעכט־דורך מיט גרינע שטעכלקעס מײַן שאַרבן.

ווער זאָגט עס, אייביק וועל איך לעבן? גיכער – אייביק שטאַרבן.

*

װען מײַן קינדשאַפֿט געגומען האָט שפּראָצן
בײַ דעם ראַנד פֿון פֿאַרכּישופֿטן װעג,
האָט אַ קלאַנג מיך געגעבן אַ פֿרעג:
װאָס איז, ייִנגל, דײַן פֿרײַקער רָצון?

עס האָט דענצמאָל אין מירמל און דימענט
זיך מײַן ערשטער באַגינען געקלאָרט –
און די זון איז געװעזן מײַן װאָרט,
װאָס האָט פֿאַרביק די װײַטן באַסימנט.

כ׳האָב געגאַפֿט אויף די בילדער און גֶסיק
זיך פֿאַרברידערט מיט זײ: „כ׳װאָלט געװעלט,
אַז דאָס דאָזיקע ליכט פֿון דער װעלט,
זאָל געװעלטיקן אין מיר מעת־לעתיק“.

„ס׳װעט געשען“ – און די זון רויט װי װירמל
איז אַרײַן אין מײַן בלוט און געדאַנק.
כ׳האָב געמורמלט: אַ דאַנק דיר, אַ דאַנק –
און מײַן מורמל געװאָרן איז מירמל!

# אַ קינד — אַ פּאָעט

לֿויב דעם קלֿיינעם זינגער, לֿויב
און דערמאָן אין פֿרייד פֿיל מאָלֿ אים –
דעם, וואָס צייכנט דיר דײַן חלֿום
ווי אַ פֿרעסטלֿ אויף אַ שויב.
דעם, וואָס בלֿאָזט פֿונאַנד אין הייכן
פֿאַרב־נשמות און באַפֿעלֿט
לֿעצטן הימלֿ צו דערגרייכן,
און עס רוט אויף אים די וועלֿט
ווי אַ פֿויגלֿ אויף די הערנער
פֿון אַ שלֿאָפֿנדיקער הינד: –
ער איז אַ געאייביקט קינד,
אויסגעבריט פֿון הימלֿס קערנער.

ער איז קינדשאַפֿט. און דערפֿאַר
רופֿט אים זײַן באַשאַפֿער: האַר.
און דערפֿאַר איז ער אויך יינגער
פֿאַר דער צײַט, און עס באַרירט
זײַנע שלֿייפֿן פֿרישער מירט.
נאָר כּדי דעם קלֿיינעם זינגער
צו דערזען און צו דערהערן –
דאַרף מען פֿינקלֿען ווי אַ שטערן.

# הינטער דער זון

הינטער דער זון וואָס קען גרייכן ?

...כ׳האָב מיר באַגעגנט אַ מאָל
אין אַן אָוונט אַ פּורפּלדיק ווייכן,
ווען די לופט איז געצונדענע וואָל,
אַ ייִנגל, וואָס האָט פון אַ זײַטיקן הייפל
אַ קײַקל געגעבן אַ הילצערן רייפל
דורך געסל און גאַס, באַרג אַרויף,
וווּ די קויל פון דער זון איז געהאַנגען, –
אַ קײַקל, אַ יאָג און אַ לויף
און פאַרגאַנגען
אין זוניקן רויטן געלײַטער,
צעשניקערט
דאָס האַרץ פון דער זון מיט זײַן רייף און פאַרשיכורט
געקײַקלט אים ווײַטער,
געקײַקלט אַלץ ווײַטער.

# איידלשטיינער

אין קאַמין פון גליִיקע געדאַנקען
ליגן אוצרות איידעלע געשטיינער, –
פינקלען, העלן, בליצן ריין און ריינער
און, ווי קליינע רעגנבויגנס, צאַנקען.
ס׳ליגן דאָרט באַהאַלטן
מיסטישע געשטאַלטן:
בלוטיקע רובינען,
בליקן פון די שפּאַלטן;
סמאָליקע בורשטינען
פלאַקערן אין געל;
צווישן טורמאַלינען
אָטעמט אַ שפּינעל;
דער טורקוז – העלבלאָ אין קלאָרער קאַלטקייט –
לייַכט מיט פרישער קינדשאַפט דורך דעם טונקל;
רויט איז ווי נקמה דער קאַרבונקל,
בלינדיק פייַער שפּריצט פון זייַן צעשטראַלטקייט;
אומשולד פון אָפּאַלן, מילכיק־ווייַס ווי בריסט;
אַ פאַרשפּילטע ליבשאַפט איז דער אַמעטיסט;
זוניקער עקסטאַז
הילכט פון אַ טאָפּאַז,
און דער שלאַנגיקער אַגאַט –
איז פאַרראָט.
אָבער אומבאַזיגלעך איז דער האַר, דער דימענט,
דורכזעיִק און זויבער,
מיט אַ ווייַסן צויבער.

# פֿינף מַתָּנות

1

ס׳איז בלוטיק=זיס די גאָב פֿון פֿרײַנדשאַפֿט
וואָס ווינקט מיט כּישופֿדיקע רינגען:
וואָס נעכטן שאַפֿט, און וואָס דער הײַנט שאַפֿט,
פֿאַראייניקט זי מיט שטילן זינגען.

ס׳איז גרויס דער נֵס, ווען ס׳קענען בליקן
אַ טײַך, אַ וואָלקן צי אַ פֿעלד זען,
און ווען עס זוכן טריט אַ תּיקון
אויף שטאָציקע, באַשנייטע פֿעלדזן.

און ווו איז ערד? – ניטאָ, אַנטלאָפֿן.
און ווו איז הימל? – העכער, ווײַטער.
און אויב ס׳איז יאָ אַ היים נאָך אָפֿן,
פֿאַרשטעלט דעם וועג צו איר – אַ שײַטער.

2

און ווען איך האָב דערזען דײַן בריוול,
פֿאַרפֿול מיט זונבלוט ווי אַ מילגרוים –
איז אַלץ אין מיר געוואָרן נִבֿהל,
און כ׳האָב דערפֿילט: ס׳ווערט מײַן געפֿיל גרוים.

וואָס אומקלאָר, האָט זיך קלאָר צעריזלט
מיט ווײַטע האָפֿונגען און בשׂורות, –
איך האָב מײַן גלויבן נײַ געקיזלט
און דיר געענטפֿערט די=אָ שורות:

דו ביסט פֿאַר מיר ווי באַרגלופֿט פֿריִע,
אַרויסגעאָטעמט פֿון די שטערן,
איך האָב פֿאַרחתמעט מיט מײַן וויִע
דײַן אויסזען, ווי די בייט איר קערן.

## 3

אין מירמל קנעטסטו איַין דיַין אָטעם,
ביז דיַין סקולפּטור ווערט פלייש און ווילן,
און דו באַפעלסט בלויז איין געבאָט אים:
ער זאָל דיַין בלאַנקן פיַיער שטילן.

נאָר וואָס דיַין וועלט ווערט גרעסער, קלערער, —
אַלץ ווערסטו איינער, איינאַליינער.
אַ וויַיסער יַם־פעלדז איז דיַין לערער,
עס זידט דיַין בלוט אויף קאַלטע שטיינער.

צוים־איַין די גבֿורה פון דיַין שאַפן,
וואָס טוט דיַין מירמל־ריטעם קנעטן,
זי זאָל אין הילכיקע געלאַפן
איר שטאָלצן קינסטלער ניט צעטרעטן.

4

אויף בליקנבריקן לופטיק=דינע
באַגעגענען זיך צוויי געפילן
און ווערןביידע איינס, אַ שכינה
באַפלאַטערט זיי, און פידלען שפילן.

נאָר סאַראַ שפּראָך האָט דאָ געגאָלטן,
און סאַראַ ווייטיקדיקער ווונדער
צו איטלעכן פון אונדז באַזונדער
האָט מיט אַ מאָל באַפוילן: האָלטן — ?

5

אין שטילן וואַלד פֿון גרינער ליריק
גייט אויף דער בוים פֿון לעבן. יעדער
פֿאַרגאַנגענער געדאַנק ווערט שפּיריק
און ריַיסט פֿונאַנד געצוים און גֶדר.

דער גיי צו וועלטישער אידעע –
איז דורך דעם גייערס בלוט און טרערן.
און די נאַטור איז אַ קמֵיע
וואָס היט דאָס לעבן פֿון ניט=ווערן.

ניטאָ קיין פֿרעמדקייט. אַלץ איז איכיש,
כּל=זמן די לעצטע ווערטער היפּן, –
און די נשמה יונג און סטיכיש
באַלעבט דעם טויט מיט אירע ליפּן.

# גליווער

ווי אַ פֿלאַמיקע לאַווע, וואָס גיט זיך אַ גאָס
מיט פֿלייציקער פֿעלדזיקייט איבער דער געגנט,
און בײַ אַלץ וואָס איר יאָגיקער אימפּעט באַגעגנט
זי ענדערט די פֿאָרעם און מאָס, —
אַזוי וואָלט איך װעלן מײַן ווייטיק באַשטראָמען
און פֿאַנגען זײַן צײַט אין די איכיקע תּהומען.

# געבונדן

מיר, די געבונדענע שטראָמען,
האָבן ניט מער קיין וווּהין.
ס'דאַרט אין די פֿעלדער דער זאָמען,
ס'וואַרט אין די וועלדער דאָס גרין.
ווער וועט אַצינד פֿאַרנשמהן
אין אײַערע נעכט דעם באַגין?

# הימען צו פֿעלדזן

איך קלעטער צו אײַערע הייכן, אָ, מירמלנע פֿעלדזן,
פֿון סאַמע שוואַרץ־ערדישער טיפֿעניש קום איך צו אײַך.
מיך שרעקט ניט דאָס רויכיקע מויל פֿונעם אָפּגרונט,
מיך שרעקט ניט דער בלאָער געצונדענער הימל,
װאָס הויערט אין אײַערע אויגן,
און אויך ניט דער אָדלער, װאָס קרײַזט איבער אײַערע קעפּ,
װײַל כ׳װייס, אַז מײַן גורל, אַ זוניקער פּאַנצער,
גייט מיר פֿאָרויס איבער פֿעלדזיקע װײַטן.

איך קלעטער צו אײַערע הייכן, אָ, מירמלנע פֿעלדזן,
און װאָלט איך געװעזן אַ בלינדער, מיט נאַכט אין די אויגן, —
שװער איך אײַך, ברידער, איך װאָלט מײַנע טריט ניט פֿאַראַנקערט,
װײַל כ׳טראָג מיט זיך שטענדיק די גלײַכװאָג פֿון פֿרײַשאַפֿט און ליבע,
און איינס װעגט ניט איבער דאָס צװייטע בײַ תּהומיקע ראַנדן.

כ׳האָב ליב אײַער גבֿורה, װאָס בליקט אין די הילכיקע ספֿערן;
כ׳האָב ליב אײַער לופֿט, װאָס איז פּראָסטיק און שטאַרק
און טראָגט אין זיך אײַער נשמה.
שרעק האָב איך ליב —
שרעק פֿון מײַן קלעטער אויף אײַך;
שרעק פֿון דערזען זיך אַליין אויג אויף אויג
מיט דער שאַרפֿקייט פֿון אײַערע קאַנטן;
שרעק פֿון געראַנגל,
פֿון אײַנשטעל
און שטאָלצן דערגרייך, —

ווײַל העלדיש האָט איר ווידערשפעניקט דער ערדישער גראָקייט,
ווײַל מאַכטיק האָט איר דאָרט באַהערשט דעם באַהערשער–דעם טויט,
ווײַל ס׳ליד פון דער אייביקייט גײַסטערט אויף אײַערע שפּיצן.

נאָך איידער איך האָב אײַך באַרירט מיט די ליפּן,
נאָך איידער איך האָב אײַער אָטעם געשלונגען,
שוין האָב איך געחלומט פון אײַך. און בשעת אַרום מיר
האָט קלײנלעכקייט, קליינקייט
און מענטשישע רשעות געשטויביקט,
זענט איר מיר ליכטיק אין פינצטערן אויג אויסגעוואָקסן
און העכערדיקס עפּעס אַנטפּלעקט אין דעם וויסטן געפּלאָנטער.
אַצינד זענט איר פעלדזיקער אמת און שטאָלצער סימבאָל, –
איך האָרך, ווי עס קלאַפּט אײַער האַרץ אונטער מירמלנע הויטן.

וואָס איז מײַן ציל דאָ ? – איך שעם זיך צו זאָגן, גיגאַנטן:
דער זעלביקער ציל, וואָס אַמאָל האָט געצײַטיקט אין אײַך,
נאָך איידער איר האָט זיך געריסן פון ערדישע נידערס
און האָט מיט די קעפּ דורכגעעקבערט די וואָלקנס.

שנײַדט מיך ניט, מירמלנע געטער, מיט אײַערע בליקן.
ברענט מיך ניט, ליכטיקע מאָנסטערס, פאַר מײַנע פאַרלאַנגען.
שפּעט ניט פון מיר פאַר מײַן שטיינערנער תפילה צו אײַך.
איך וויל בלויז ווי א י ר מיט די הענט
דורך די וואָלקנס אַ פּאַטש טאָן
און צוואָגן מײַן ערדישן קאָפּ אין דעם קאָסמישן פײַער.

# די מירמלֿנע שטאָט

W uszach mi szumi (a nie znam z teorji
Co burza?),
Więc śnię i czuję, jak się tom historji
Zmarmurza...

Cyprjan Norwid

## א

...און אָט איז די שטאָט, וואָס דער שמידער פֿון חָלום
האָט אויסגעשמידט אין די געדאַכטן די הייסע:
אויס מירמלֿ געגאָרנט דערהייכן זיך טורעמס
און צירקלֿען מיט רויט די לֿאַזוריקע הייכן.
די שטיינער, פֿון ברידערשע אָרעמס געצערטלט,
באַאָטעמען ס׳לֿיכט פֿון צעעפֿנטן הימלֿ,
וואָס פֿאַלֿט ווי אַ וואַסערפֿאַלֿ זילֿבערדיק, זויבער,
און שווענקט מיט זײַן פֿײַער די בערגיקע געגנט.
אַ מירמלֿנע שטאָט. פֿון אַזאַ האָבן דורות
פּאָעטן געזונגען און קינסטלֿער געמאָלֿן.
אַזאַ האָט דאָס פֿאָלֿק ווען דערזען אין אַ זעונג,
ווען אונטער זײַן טראָט זײַנען לֿענדער געפֿלֿויגן
ווי יאָגיקע וואָלֿקנס, וואָס פֿירן מלחמה.
אַ מירמלֿנע שטאָט! ווי אַ הימען פֿון גבֿורה
אַנטפּלֿעקט זי דער וועלֿט אירע מאַכטיקע אָרעמס.
אַ ברודערשאַפֿט=נימב, ווי דער רינג פֿון סאַטורן,
באַלֿײַכט אירע דענקמעלֿער, טעמפּלֿען, מוזייען
און ריזן=סטאַטועס פֿון הײלֿיקע העלֿדן,
וואָס האָבן דורך נאַכטיקן וואַלֿד אָנגעצייכנט
אַ וועג, צו דער הילֿכיקער, פֿעלֿדזיקער פֿעסטונג.

## ב

בײַנאַכט. איבער ציטערדיק־לוגיקע שאָטנס
שפּילט־אויף דער טורקוזיקער שטערן־אָרקעסטער.
סע שפּיגלט זיך אָפּ אין דער פּעלדזיקער גלאַטקייט
זײַן בלאָע סימפאָניע. די קלאַנגיקע עכאָס —
קאָליבריס מיט פונקיקע, פּריידיקע אויגן —
פאַרטראָגן די שײנקייט אין ווײַטיקע וועלדער.
די שטאָט גליט אַרויס איר עקסטאַז. אַ באַרוּונג
באַרעגנט די נאַכטיקע ליכט־פּאַנאָראַמעס.
פלאַנעטישע הענגבריקן קניפּן צוזאַמען
דאָס הימל־געוועלב מיט דער שטאָט. ווער עס וויל איצט —
קען זיכער צום זיבעטן הימל דערשפּאַנען.
ניטאָ קיין מחיצה פון מענטש און זײַן בענקשאַפט,
דער בליק שטעכט אַדורך די אַטאָמען פון אומענד,
דער טראָט טרעט אַריבער די ספערישע צוימען,
דער ווילן פאַרטיליקט דעם מאַכטיקן גורל,
דאָס האַרץ נעמט זיך וואָרצלען צום אַליקן ברונעם
און זאַפּט אין זיך אײַן זײַנע שטראַליקע ריחות.
פאַמעלעך פאַרפינקלט דער שטערן־אָרקעסטער.

## ג

דער טאָג לײַכט אַדורך דורך דאָס פּעלדזיקע קונסטווערק
און פֿורעמט דעם ריטעם פֿון פֿרידלעכער אַרבעט.
מיט בראָנדזענע מוסקלען און זונבלוט צעשפּילטן
מאַרשירן די שאַפער פֿון מאַכטיקע וואָרן.
די לופֿט איז ווי פּאָספּאָרנער שפּירעט געצונדן,
עס הילכט דער געדאַנק. און דער הימען פֿון אַרבעט
לייגט אויס נײַע וועגן, באַשאַפֿט נײַע היימען
און בלאָזט פֿון זיי אָפּ די אומהיימלעכע נעפּלען –
די וועלט זאָל מיט געטלעכער קלאָרקייט אַ שײַן טאָן.
דער סקולפּטאָר בײַם פּעלדזן-געהאַמער, דער מאָלער
בײַ זײַן רעגנבויגן-פּאַלעטער, דער דיכטער –
– בײַם הימלישן וואַרשטאַט פֿון ערדישע ווערטער –
אַזוי ווערט געשמידט די געבענטשטע האַרמאָניע
פֿון ברודערשאַפֿט, יעדער באַזונדער און אַלע
אין איינעם, ווי שטערן – –

אָ, ברידער, צי ווילט איר
באַצווינגען דאָס לעבן, באַהערשן דעם הערשער,
וואָס האָט אײַך געבוירן אין שעה פֿון נצחון?
– דאָס לעבן איז ריטעם און פֿײַער, באַדאַרף מען
פֿון ריטעם און פֿײַער באַשאַפֿן זײַן פֿורעם.

## ד

דער אָוונט – אַ הֵיכל פֿון ליבע. דאָרט שפּרודלט
די פֿרייד פֿון געשלעכטער, און יעטווידע רגע
איז אָנגעגליט בלויז מיט דעם שטראָם פֿון פֿאַרליבטקייט,
איז אָנגעזאַפּט מיט אַ ניט ערדישן תּענוג.
ס׳פֿאַראייניקט זיך אַלץ וואָס ניט מעגלעך: דאָס פֿײַער
פֿאַרפֿלעכט זיך מיט וואַסער, די זון – מיט לבֿנה,
די ערד – מיטן הימל, דער גײַסט – מיטן חומר, –
און אַלצדינג איז פּשוט און פֿרײַ, ווי באַשאַפֿן
פֿון מענטשישע הענט, פֿון אַ מענטשישן שׂכל.
די טורעמס וויברירן ווי גלעקער, די לופֿט איז
מוזיק אָן אַ שפּילן. די אָוונטזון טונקלט
און לאָזט אויפֿן וועג אירע קינדער, די פֿאַרבן.
אַצינד קומען וואַנדערער אָן און זיי ברענגען
די פּראַכט פֿון דער וועלט אין די קוואַליקע אויגן.
די שטאָט איז אַ תּפֿילה פֿאַר יענע, וואָס האָבן
זי אויסגעשמידט פֿול מיט געפֿעלדזיקטער גבֿורה.
די שטילקייט איז טיף און אומענדלעך ווי הימל.
דער אָוונט פֿאַרוויקלט די שטאָט מיט אַן ערשטוואַלד,
און דורך דער קרישטאָליקער לופֿט פֿליִען אָדלערס –
און פֿאָרן זיך אין דעם פֿאַרנאַכטיקן פֿײַער.

## ה

און ווידער צעשפּילט זיך דער שטערן=אָרקעסטער – –

# אינדזל פֿון שוואַרצן גראַניט

ס'איז געווען אויפֿן אינדזל פֿון שוואַרצן גראַניט
(דו געדענקסט אָדער ניט?),

ווען דורך בלײַציקער שוים און געזאַלצענעם שלײַם
האָט געפּערלט אַ הײַם,

און אַ רויבפֿויגל האָט אויף דער פּעלדזיקער בײַט
זײַנע פֿליגל פֿאַרזייט.

מיר האָבן געשוויגן. נאָר הינטער
די שאַרבנס פֿון ביידנס געשווײַג
האָט יעדער געטראָגן אַ שטײַג
מיט ברייקע ווערטער.

דער שוואַרצער גראַניט האָט געגלײַט,
די הײַם האָט געפּערלט דורך שלײַם,
דער רויבפֿויגל האָט מיט זײַן שנאָבל
צעפּליקט די פֿאַרוויטיקטע ווערטער.

*

דײַן װעג איז פֿון אָנהײב צו אָנהײב
װײַל סוף איז מיט ספֿק באַשפּינט, –
איז העכער דײַן גליקלעכע פֿאָן הײב
און לעב װי אַן אָדלער אין װינט.

# דאָס ליד פֿון אייביק ערשטן

אַ מאָדנע טראַכטונג: איך בין אָדם,
קיין מענטש האָט ניט געאָטעמט, איידער
איך האָב מײַן ערשטן טראָט געשטעלט
אין מײַן באַשאַפֿערס גרינע בגדים.
פֿון דענצמאָל וואָגל איך כּסדר
מיט אַלע ווינטן פֿון דער וועלט.

עס האָבן זיך געדאַרפֿט פֿאַרבינדן
די זון מיט דער לבֿבֿנהס אײַז,
כּדי מײַן לעבן זאָל זיך צינדן,
ווי אין דער פּרי דעם הימלס קרײַז;
כּדי איך זאָל אין יעדן שפּרײַז
די גלוסטונג פֿון מײַן לײַב דערשפּירן,
און ס'קלענסטע שטעגל זאָל מיך פֿירן
צו אַלץ אַ שטײַגעדיקן שטיג,
און יעדער טרויער זאָל מיר זײַן
ווי שטאַרקער, גליִעדיקער ווײַן,
וואָס וואַרט שוין טויזנט יאָר אין קעלטער.
מײַן זײַן איז קירצער פֿון אַ פֿליג
און פֿונעם גראָען ערשטוואַלד – עלטער.

מײַן ניט־זײַן וואָלט די ערד באַדויערט:
עס וואָלטן קרײַטער ניט געקרײַטערט,
עס וואָלטן טײַכן ניט געטײַכט,
דאָס וואָרט וואָלט ניט אין בלוט געהויערט,
עס וואָלט זיך פֿון דעם מענטש דערווײַטערט,
ווי אַ ווינטל שטיל און לײַכט.

# אָדם זינגט

## א

פֿון וואַנען איז מײַן קום, וווּהין מײַן גיי?
ווער בין איך אויפֿן פּנים פֿון די ערדן?
פֿון אונטער מיר – אַן ערד מיט פּלוצער גלוסטיק פֿאַרן אויג,
און דאָדערט, אין דער הייך, – אַ פֿאָרכטיק פֿײַער.
און אויף די ביימער וואָלקנט אַ געשטאַלט,
אַ פֿויגל פּיקט אַ קלאַנג,
עס אײַלט אַ וואַסער.
נאָר וויל איך, מאַך איך צו דאָס פֿײַער, וואַסער,
פֿאַרשלונגען ווערט פֿאַרשלונגען בוים און פֿויגל,
ניטאָ מער אָדם. פֿינצטער. שאַ.
נאָר אָט, איך טו אַ ביס מײַן לעפֿץ,
און ווײ: ס'איז ניט קיין קרײַטעכץ פֿון די שטעגן,
ס'איז איך און אפֿשר דו,
אָ האַר פֿון עדן.

## ב

פֿאַרוואָר, דו ביסט מײַן פֿאָטער,
נאָר פֿאַרוואָס,
געגענסטו ניט צו מיר אַלהי אין גאָרטן?
אַלמאַי בין איך דײַן ערשטער שאַף,
ווּ איז מײַן אָנהייב־אײדער?
ווּ איז דאָס גנאָד, פֿון וועגן וועלכן ס'האָבן דײַנע פֿינגער
געטאָן טון מײַנסטערן מײַן הויט און ביין?
צי איז דײַן פּנים אײנערליי מיט מײַנעם?
צי איז מײַן לײַב אַ שפּראָץ פֿון דײַנע גלידער?

און ווער באַפּעלט דער ערד אַזוי צו זאָגן:
„צעפּרוכפּער זיך מיט קרײַטעכצער און פּירות״?
ווער צוקט־פֿאַרצוקט דעם הימלס אויג,
ווער לווישפּערט צווישן בלעטער,
ווער זינגט צו מיר
און ווער פֿאַריאָגט
די אינדן פֿון די פֿיר געבענטשטע שטראָמען?
זײַ באַרעמדיק און זאָג זײַן נאָמען.

ג

דו האָסט געמאַכט מיך חלומען אַ חלום
ווייך ווי וואָל.
און ווי אַ יאָדער אין אַ מילגרוים האָב איך דאָרט געזאַפּטיקט,
און ווי די זון אין ווײַטער נאַכטנעסט האָב איך דאָרט געהויערט.
פֿאַרוואָר, איך האָב געדאַכט: איך בין אַ צווייטער, –
כ׳בין דו, מײַן לײַב – אַ פֿײַערוואָלקן,
און מײַנע אויגן יאָגעדיקע אינדן,
וואָס טוען דאָרשטן מיט אַ גרויס געדאָרשט
נאָך עפּעס אַ געשטאַלט, וואָס רופֿט אַ רופֿונג
און איז אַ פֿרוכט
פֿון גלוסטיקייט
און ליבשאַפֿט.

ד

דו האָסט פֿון מײַנס אַ ריפּ אַ פֿרוי באַשאַפֿן,
ווי איך באַשאַפֿן בין פֿון דײַנער, — נאַקנדיק אַליינט.
דײַן ריח בליט אַרויס פֿון אירע פֿיס,
דײַן ליכט באַזאַלבט איר לײַב,
און אַל דײַן ליבשאַפֿט
קוואַלט קוואַלעדיק פֿון אירע אָרעמס.
איצונדער צערנסטו מיט גרימערײַ,
און דײַנע בליצן שעכטן מײַנע בליקן.
דו שעלטסט דײַן ווערק,
דו טרײַבסט אונדז פֿון דײַן גאָרטן
אין וויסטענײַ, ווו ס'לויערן די ווינטן.
מײַן וואָרט ווערט מידיק. צווייַיק בין איך עלנט.

ה

וווּהין איצונד מײַן גיי, צו וועלכע ענדן?
און וואָסער אויער וועט מײַן ווײי פֿאַרנעמען?
דער וועג איז וויסט.
אַ פֿלאַמעדיקע שווערד
געוועלטיקט בײַ דעם גרינעם בוים פֿון לעבן.

# מענטש

„אין אומוזאַ, דעם פֿאַרבונד פֿון הימל און ערד,
וועלן מיר שעכטן די צוויי געטער לאַמגאַ,
פֿון זייער בלוט וועלן מיר באַשאַפֿן דעם מענטש".
אַלט־בבֿלישער עפּאָס

און אויף ס'נײַ קומט דאָס זעלבע געפֿרעג:
וואָס איז מענטש, בלויז גדאַנק אָדער חומר?
וועלכן ברעג
צו דערקלעטערן האָפֿט ער?
און צי איז ער אַן אייביק באַשטראָפֿטער,
אַז דער גורל זאָל זײַן זײַן פֿאַרצוימער?

עס פֿאַרמאַכן זיך בלאָ די פֿיאָלן,
גרינע פֿײַערלעך קלינגען אין טאָלן,
און דער ענטפֿער – ער קומט ניט, ער קומט ניט.

ס'פֿליִען דאָרשטיקע שטערן צום ברונעם,
און זיי טרינקען די זילבערקייט פֿון אים, –
און דער ענטפֿער – ער קומט ניט, ער קומט ניט.

אַ פֿאַרכישופֿטער, ראָזער פֿלאַמינגאָ
פֿליט אַדורך מיט די פֿליגל די גרינגע –
און דער ענטפֿער – ער קומט ניט, ער קומט ניט.

מיט אַ מאָל – און אַ שטים טוט אַ שאָרך,
ווי אַ ווינט צווישן בלעטער:

„האָרך־דערהאָרך:
ס'איז דער מענטש אַ צעשטערער
פֿון זײַן אויסלייזער און זײַן געבערער,
און מיט בלוט איז פֿאַרשריבן זײַן קלעטער,
און זײַן האַרץ איז אַ ברעניקער דאָרן,
ווײַל דער מענטש איז געבאָרן
אויס דעם בלוט פֿון געקוילעטע געטער“.

## פֿון וועגן אַ רויז

און ס׳רעדט דורך אַ וואָלקן דער מאַכטיקער מלאך
און קילט זײַנע לעפּצן אָן פֿראָסטיקער שווערד:
– געביטער! זאָג יאָ, און אָן מורא באַפֿאַל איך
די ערד,
און שנײַדן־פֿאַרשנײַדן וועל איך מיט מײַן טענער
די ווײַבער און מענער.

די בערג וועל איך ווידער פֿאַרוואַנדלען אין טאָלן,
די פּעכיקע וועלדער פֿאַרברענען ווי שטרוי,
און אויך דײַנע טראָנען – די פֿעלדזן – צעמאָלן,
פֿאַרלעשן דײַן טוי.
זאָג יאָ – לאָז מײַן שווערד ניט פֿאַרפֿירן און שטומען,
כ׳בין מוכן ומזומן.

און ס׳ענטפֿערט אַ שטים: דו מײַן שטאָלצער באַמיִער,
אויך איך וויל פֿאַרלענדן דאָס ערדישע הויז,
נאָר וואַרט, איך האָב נעכטן פֿאַרזייט דאָרט אַ רויז –
זי מוז נאָך אַרויסבליִען פֿריִער.

# צײַטליד

נח פרילוצקין

אַלמאַי האָסטו איבערגעענטפערט דײַן פאָלק
צו די מדברשע זעמדער?
דײַן ערד ווערט אונדז פרעמד, און דער הימל – נאָך פרעמדער.

דער זונפאַרגייִ אַשט; נאָר ער בליט
אויף צו מאָרגנס דאָך ווידער.
מיר מאָרגענען ניט, און מיר פאַלן צום טאָל, אין דער נידער.

אַ טײַך אָן אַ היים איז איצונד
אונדזער גרונדפעסט געוואָרן.
איז ווערלעך דער זאָג, אַז מיר זענען פאַר דיר אויסדערקאָרן?

אין רויך – אונדזער תּפילה צו דיר,
און אין בלוט – דײַן פּרוכת.
ווי שטרוי אין געפלאַם ווערן אויפגעצוקט אונדזערע כּוחות.

# אַ קאָפּ

וועלכע שטאָלצע האַנט האָט פֿון גראַניט
אויסגעהאַקט דעם קאָפּ פֿון אָט דעם ייִד
און אַרײַנגעצונדן אין זײַן פּנים
שאַרפֿע קאַבאַליסטישע סימנים
פֿון אַ וועלט=געשיכטלעכן מאַרשרוט,
אָנגעצייכנט מיט יהוהס בלוט
און באַפֿלאַמט מיט האָפֿונג און מיט גלויבן?

פֿון זײַן שוואַרצן אָטעם פֿליִען טויבן.
און פֿון אונטער שטיינערדיקער שיכט
רעגנבויגנט אַ נר=תּמיד=ליכט.

שווערן וואָלט איך: צווישן די מחשבֿות
וואָגלען נאָך אַרום בײַ אים די אָבֿות,
און די אויגן זײַנע, גראָ און פֿײַכט,
טראָגן נאָך דעם אָפּגלאַנץ דעם געהיימען
פֿון די בבֿל=טײַכן — זאַלציק טײַכט
אין זײַן בליק די לייד פֿון פֿרעמדע היימען.

און זײַן וועלט=נשמה איז פֿאַרשמידט —
עלעהיי משיח — צו גראַניט.

# דאָס פֿאַראײביקטע פּנים

„יעדער מענטש האָט זײַן גן-עדן
אויסגעמאָלן אויף זײַן פּנים“.
רב נחמן ברצלאַווער

פֿאָטער, געבוירער,
ס׳גאָרטנט נאָך אַלץ אויף מײַן פּנים דײַן קדושה,
אָבער דער צורר
קומט אין מײַן האַרבעריק נאָך דײַן ירושה.

קומט אַ פֿאַרשטעלטער,
ווי נחש קדמוני מיט גיפֿט אויפֿן צינגל.
שאָרכיק באַפֿעלט ער:
גיב מיר דײַן פּנים צוריק, דו גן-עדנדיק ייִנגל!

נעם איך מײַן פּנים
און איך באַהאַלט עס אין וואָרט, ווי אַ דאָרן אין פֿלאַמען.
איצט בין איך אָן אים —
וועט מיך דער קומער נאָך קענען פֿאַרסמען?

# לאַנדשאַפֿט פֿון גנאָד

אַ ליגן, אַז דער מענטש איז שלעכט. אַ ראַיה –
עס טוט אים ווײ דאָס גראָז, וואָס ער באַטרעט.
שלעכט איז בלויז דער פֿינצטערער פּאָעט,
וואָס וואַרפֿט דעם מענטש אַ גֶט אין פּנים: חַיה.

ווי קען אַ קללה זידן אויף די לעפֿצן,
ווען ס׳טראָגט דאָס אויג אַ לאַנדשאַפֿט פֿול מיט גנאָד?
ס׳איז יעדער ניט געשטעלטער טראָט
אַ שאָד
און ברענט ווי בריִעכץ און ווי יאָד
די מאַרכיקע געהעפֿטסן.

צעשמאָלצענער בורשטין פֿאַרפֿלייצט די געגנט.
אַ בלייכער עפּלבוים זאַפּט איַין דעם זאַפֿט
פֿון זונפֿאַרגיי און רייטלט זיך. עס גאַפֿט
אַ פֿעלד מיט קאָרנבלאָעלעך באַרעגנט.

און ערגעץ מוז אַ פּערלשלאָס איצט האַרן
אויף אַ באַרג אַ גילדענעם, און ס׳קריכט
צו אים אַן איך, וואָס הייכט און איכט,
און אָט־אָט־אָט באַרירט ער שוין דאָס ליכט,
וואָס טוט פֿון אַלע טויזנט שויבן שפּאַרן.

פֿאַרוואָר, עס איז אַ שאָד.
ניט יעדן האָט באַגיטיקט דאָ די לאַנדשאַפֿט
מיט איר גנאָד.

*

אַ רויטער טרומייט אין אַ קוילִיקן מויל
ווי פֿונקיקער גלִי צווישן עבענעם קויל,
שפּילט אויס און הילט אויס
פֿאַר דער נאַכט זײַן געדאַכט:

„אָ ווײ מיר, אָ ווײ מיר, מײַן היים איז פֿון ליים
און איך בין פֿון פֿײַער, פֿון פֿײַער וואָס ווערט ניט
פֿאַרלאָשן און ברענט פֿאַרבאַהאַלטן, געהיים,
און קיינער דערזעט מיך ניט, קיינער דערהערט ניט.

איך בין ניט, איך בין ניט, מײַן צײַט איז אַ שטערן:
מײַן ווּין ווערט באַיאָרנט
און איך ווער ניט עלטער.

צי זאָל איך אַנטלויפֿן? איך קען ניט ג י ט ווערן.
אַ ניגון מיך וואָרנט,
איך קריג אים אַליץ העלטער.

טורוטו, טורוטו, כ׳בין טאָפּלט געפֿאַנגען.
אין רו טו פֿאַרטרויען זיך טרײַער, מײַן טרויער.

אָ, לעבן מײַנס, אייביק ווי אַליץ, וואָס פֿאַרגאַנגען!
אָ, פֿײַער מײַנס, גיב מיר די צײַט שטאָטן דויער!"

# עס קלאַפּן די שלייפן

עס קלאַפּן די שלייפן —
גאַלאָפּ, גאַלאָפּ:
צוויי רײַטער, צוויי רײַטער,
באַהאָרנט,
באַשפּאָרנט,
זיי יאָגן זיך, יאָגן
דורך שאַרבן און קאָפּ.

איין רײַטער איז ווײַס און דער אַנדערער — שוואַרץ,
אוןביידע אין רינגען פון גבֿורה באַפּאַנצערט.

דער ווײַסער איז פריידיק, דער שוואַרצער — פאַרצאָרנט,
דער שוואַרצער — אַהינטער, דער ווײַסער — פון פאָרנט.

שוואַרצווײַס און ווײַסשוואַרץ איבערביימער און כוואַליעס;
ווײַסשוואַרץ און שוואַרצווײַס ווי די פאַרבן פון טלית.

דער ווײַסער — ער יאָגט מיט אַ זוניקער פאָנע,
דער שוואַרצער — סכּנה, סכּנה, סכּנה.

דער ווײַסער — ער רײַט אין אַ ליכטיקער ריכטונג,
דער שוואַרצער פאַרלעשט יעדן פונק, יעדע ליכטונג.

קליפּקלאַפּ און קליפּקלאַפּ
נאָכן גורלס באַפעל,
צוויי רײַטער, וואָס רײַטן
צו אײנציקער שוועל.

און קומען צו איינציקער שוועל קען בלויז איינער.
(דער ווײַסער, דער ווײַסער?
דער שוואַרצער, דער שוואַרצער?
עס בלינדן די אויגן, עס קנאַקן די ביינער).

ווי ווינטיקע רייפֿן
פֿון שטורעם געקײַקלט –
עס יאָגן די רײַטער
דורך קלאַפּיקע שלייפֿן
אַלץ ווײַטער און ווײַטער.

און ווער עס וועט קומען דער ערשטער,
און ווער עס וועט זײַן דער באַהערשטער, –
וועט ווערן פֿאַרשריבן
מיט בלוט
איבער גראָזן און קרײַטער.

# אונטערבאַוווּסטזײַן

אין מײַן מוח פֿלעמלט־אויף אַ מאָרגעדיקער נעכטן.
ווײַטע וואָרן ווערן ווילדער וווּנדער,
ווערן בילדער, קלאַנגען, גופֿן, זוניקער באַשאַף.
צײַט ווערט לעבן. פֿינצטערניש נעמט פֿלעכטן
פֿלויטן ליכט, ווי מילכוועגן אין קאַלטן פֿירמאַמענט.
אָנהייב שפּרינגט צו אייביקייטן. חלום ווערט געלאַף
און ער ברעכט אַדורך די ווענט
פֿון פֿעלדזיקער אומגרייכעניש.
רונד און רונדער
שליסן זיך די פֿילונגען, די מאָנונגען.
ס׳לעבן־אויף די אומבאַקאַנטע פֿאַרבן פֿון דערקאָנונגען.
טיפֿעניש ווערט הייכעניש,
נײַגער זוכט אין אַלץ אַ נאָמען,
צויבער צינדט אין אַלץ אַ ציל.
כ׳וויל, איך וויל, מײַןווילן וויל
אויפֿפֿראַלן די פֿרייד־אַטאָמען,
ווּ עס בליען גאַנצע וועלטן
פֿון יונג־בראשיתדיקן יאָ,
פֿון שפּעט־בראשיתדיקן ניין.

נאָך **דרײַ טריט** —

אונ כ׳װעל פֿאַרשטײן,

װאָס פֿאַראַן און װאָס ניטאָ.

נאָך **צװײ טריט** —

און כ׳װעל באַרירן

די געצײלטן

פֿון מײַן בענקשאַפֿט.

נאָך **אײן טראָט** —

און כ׳װעל דערשפּירן

ס׳לײַב פֿון נאַקעטן געדאַנק.

## פֿאַרחַתמעטע וויִעס

מיר שווימען. דער טײַך איז פֿאַרהוילן. מיר שווימען
אַלץ ווײַטער צו זיך, צו דעם איכיקן שורש.

דאָרט פֿאַלן צוריק די פֿאַרלאַנגען און שטימען,
עס בלײַבט בלויז דער תּענוג, דער אייביקער יורש.

בײַנאַכט רײַסט ער אויף די פֿאַרחַתמעטע וויִעס
און בליציקט אַרײַן די סימבאָלן פֿון גלוסטן, –

און דאָרט בליִען־אויף זײַנע זוניקע זריעות
אַלץ העכער און טיפֿער צום פֿרעמד־אומבאַוווּסטן.

דערנאָך קריצט ער אײַן אינעם מוח זײַן סימן,
ווי בילדער־געשריפֿטס אויף אַן אוראַלטן היכל,

און ווידער: אַ פֿײַערל בלעטלט, מיר שווימען –
דאָס וואַסער פֿאַרלעשט ניט זײַן לאָקיקן שמייכל.

# דער פֿונק פֿון ליד און לעבן

## א

מײַן גוף איז אַן אָפּגעברענט הויז,
דורך זײַן טונקל
קוים צינגלט אַרום נאָך מײַן גײַסט ווי אַ פֿונקל,
וואָס וויל ניט פֿאַרגלײַען,
און וויל ער זיך אויפֿהייבן – קען ער ניט פֿלײַען.

פֿלוצעם טראָגט רויִק
אַ שטים זיך אַריבער
ניט איכיק ניט דויִק –
אַ שטים ווי פֿון גריבער:
מײַן ליבער! – –

## ב

דער פֿײַליקער ניגון
באַוועלטיקט דעם פֿונק,
וואָס נעמט זיך צעוויגן
אין קנויליקע רונדן
פֿון אונטער דעם קויליקן, פֿויליקן זונק.

דער קנויט פֿון מײַן ווילן אויף ס'נײַ איז געצונדן,
מײַן גוף ווערט באַליכטיקט,
ווערט מאַכטיקער, גאַנצער.
און אָט גיט פֿון אייגענער פֿעל שוין אַ טאַנץ ער
און יאָגט, ווי אַ גבור
אין פֿאַנצער,
אַהין –
וווּ ס'עכאָט דער ניגון באַהאַרציקט און דין:

מײַן ליבער.

ג

די גענגנט
באַגעגנט
מיט פאָרכט מײַנע טריט.
אַ טרילער אַנטקעגנט
און פאַלט אַ פאַרבריטער.
אַ קרעלבוים לויפט מיט
מיט באַבלוטיקטע ריטער.
אַ וואָלקן יאָגט אָן דורך די שטויביקע וועגן
און לאַכט זיך פונאַנד מיט אַ רויזיקן רעגן.
און מאָדנע:
די שטים ווערט אַלץ ווײַטער,
וואָס נענטער
איך לויף צו איר צו אַ דערקענטער,
באַנײַטער.

ד

און צו מײַן נשמה
טו אויף איך די לעפצן:
— באַשער מיר צו וויסן,
ווער א״ז עס דער יעניק,
וואָס רופט מיך און וועמען
איך בין אונטערטעניק,
ווי עפּעס אַ הימליש געוויסן?

צי איז עס די פרייד
אָדער גאָר איר געשאָכטענער שאָטן ?
צי איז עס די ערד אָדער הימל,
ווער ווייס ?
צי איז עס די צײַט,
ווו מײַן ליד איז פאַרקנאָטן ?
צי איז עס דאָס לעבן,
וואָס קושט מיך מיט שווייס ?
און אפשר און אפשר – –

ווער ווייס ?

## ה

דער טאָג איז פאַרגאַנגען.
מײַן לויף איז געענקט.
דאָס מויל, וואָס האָט אויסגעהויכט יענע צוויי קלאַנגען,
איז אַליין ניט אַנטפּלעקט
און האַלט מיך געפאַנגען.

איך שטיי בײַ אַ קוואַל ווי אַ הירש אַ פאַריאָגטער,
דער קאָפּ אָן אַ זילבערנעם צווײַג אָנגעלענט.

נאָר אָט: פונעם וואַסער, ווו ס׳קוקן זיך איבער
מחשבות, וואָס האָבן אויף ס׳נײַ זיך דערקענט,
דערזע איך מײַן מויל, און פון מויל טוט אַ פלי
די שטים, וואָס איר הילך האָט מיר אונטער די קני: –

מײַן ליבער.

# די צווייטע היים

עס האָט אַ מענטש פֿאַרברענט זײַן היים
און ווי אַ שטראָם, דורך ווינט און שליים,
אין ווײַטער וועלט געצויגן.
זײַן בלוט האָט מיטגענומען בלויז
אַ רויטע, ברענעדיקע רויז
מיט גרינעם טוי באַצויגן,
און אין געדאַנק איז בלאָ און בלאַנק
די קינדשאַפֿט נאָכגעפֿלויגן.

דאָס גוטס און שלעכטס האָט ער פֿאַרזייט,
ווי לופֿטל־שטויב אויף שטעג און בייט.
זײַן צײַט איז שטיל געשווומען
צוריק צום אָנהייב, דאָרט, אַווו
די רו אַליין האָט ניט קיין רו,
און פֿון זײַן מידן גומען
האָט אַ געבעט אַראָפּגערעדט
צו רונדיקע אַרומען:

„נעמט צו פֿון מיר איעדע גאָב —
איך דאַרף זי ניט, — און שינדט אַראָפּ
מײַן שאָלעכטס דעם ניט קלאָרן,
וואָס רופֿט זיך מענטש. זאָל זײַן, איך בין
אַ קײַקלדיקער בלאַט, אַ בין
מיט האָניק אין זכּרון,
נאָר נעמט פֿאַרבײַט די וועלט, די ווײַט
אין ליבשאַפֿטדיקע וואָרן“.

און ווי דער טורטל פֿון זײַן וואָרט
איז קוים געוואָרן אים פֿאַרוואָרט
אין לעבעדיקע מאָסן –
פֿאַרוואַנדלט האָט ער זיך אַליין
אין ליפּן ווי די שטערן ריין,
אָן בענקשאַפֿט, אָן פֿאַרדראָסן.
און ווי מוזיק האָט ער צוריק
אין בראשית זיך צעגאָסן.

# דאָס ליכט איז מײַנס

אײַער ליבשאַפֿט ליגט אויף מיר ווי ראָסט –
גוט נאָך, וואָס מײַן פֿלייש איז ניט פֿון אײַזן.
אײַער וואָרט איז דערנערדיקער פֿראָסט,
נאָר מײַן פֿײַער וועט איר ניט פֿאַראײַזן.

איר זײַט מיר גלײַך צום יעניקן, וואָס האָט
געפּרוּווט אַ שטראַל פֿאַרשיטן שאָט נאָך שאָט;
ער האָט גערידלט און געשאָטן שעהן,
פֿאַרכאַפּט פֿון דעם שגָעון;
שפּעטער, שפּעטער,
באַטראַכטנדיק פֿון ווײַטן זײַן דערגרייך –
בשעת אַ באַרג האָט שוין געטאָן אַ קלעטער, –
דערזען האָט ער דאָס שטראַלכל אין דער הייך.

נאַרן, ס'איז דער הימל מײַן באַשילדער –
וועלן העלפֿן דען די קלעפּ?
וועט איר מיך פֿאַרשיטן מיט געפּילדער
דאָ אין סטעפּ?

# איינמאָליקער

איך – איינמאָליקער,
ערשטער און לעצטער אויף ערדישן שטויב,
פֿײַער קרישטאָליקער,
וועלכער פֿרעסט אויף זיך אַליין ווי אַ וואַרעמען רויב.

צווישן פֿאַרגאַנגעניש
און אַ משוגענעם עתיד, וואָס רופֿט ווי אַ גלאָק,
הענג איך, אַ קאָסמישע וואָג,
אין אַ מאָדנער געפֿאַנגעניש:
איין האַנט – אַראָפּגעטיפּט צו דעם אַרכאַיִשן,
חיהשן,
צווייטע – אַרויפֿגעהייכט צו אַ ניט־ערדישן טאָג, –
ביידע פֿאַרלאָקן מיך, ליאַרעמען,
כ׳ווייס ניט צו וועמען זיך פֿריִער צו געבן אַ טראָג!
ס׳ווינטיקט מײַן בלוט און באַפֿעלט:
צו די שערבלעך פֿון וועלט,
און מײַן געדאַנק טוט אַ בלאַנק
צו דעם הימלישן טאָג!

אָבער איך קען זיך אויף בלוט און געדאַנק ניט דערבאַרעמען.

# ווייַן

מיך האָט באַרירט אַ פֿאָכעדיקער פֿליגל:
– וואָס וויל דייַן וויל?
„פֿאַרוואַנדל מיך אין ווייַן!“
ער האָט דערפֿילט מייַן ווונטש. ווי גאָלד אין טיגל
צעגיי איך שוין און פֿלייץ אַרייַן
אין שפּאַלט פֿון פֿעלדז ווי אין אַ בעכער,
און עמעץ טרינקט מיך ביזן דעק
און שוועבט אַוועק
אַלץ העכער.

# אין אַ דיכטער־שענק

I

אָ, צווינגט מיך ניט צו טרינקען מערער:
ס׳איז ניט פֿאַר מיר, כ׳בין ניט געוווינט.
מײַן פֿלאָנטער ווערט דערפֿון ניט קלערער
און מײַן געמיט ווערט ניט באַקרוינט
מיט לאָרבער־בלעטער. שווערער, שווערער
פֿאַרזינקט מײַן קאָפּ. חבֿרים, זעט,
איך גיי מיט אײַך דאָ אין געוועט,
אַז כ׳בין אַזוי שוין אויך באַטרונקען
פֿון טרויער, ליבע און געזאַנג.
עס לעשן זיך די לעצטע פֿונקען
פֿון מײַן באַוווּסטזײַן. ס׳טוט מיר באַנג,
פֿאַרוואָס איר לאַכט מיט כיטרע ווינקען
און שפּאַרט צו מיר מיט שאַל און פּראַל
דעם רויטן, שוימיקן באָקאַל.

II

נו, יאָ, איר זאָגט: פֿאַר אונדזער מוזע,
פֿאַר פֿרײַשאַפֿט, ברידערלעכקייט, מוט!
נאָר ווו איז אונדזער פֿרײַשאַפֿט־בלוזע,
און ווו דער ברידערשער מאַרשרוט?
ס׳איז אונדזער מוזע אַ מזוזה,
וואָס גליווערט אויף אַן אַלטער טיר
און היט פֿון טײַוול און סאַטיר
דעם אָפּגעזונדערט מידן טראַכטער,
וואָס זוכט אין זײַן געדאַנק דעם שם.

געפֿינט ער ניט – איז וויינט ער, לאַכט ער,
און טרייסט צו ביסלעך זיך מיט דעם.
זײַן צײַט – אַ פּאַלאַץ אַ פֿאַרמאַכטער,
ער וויל אים אויפֿשליסן און קען
צו אים ניט צופּאַסן זײַן פּען.

III

אָט איך אַליין, אַליין, קאָלעגעס,
אַזוי ווי כ׳רייד דאָ אָן אַ מאָס
און זע, ווי ס׳פּלאַצן מײַנע רגעס
ווי שוימען־בלעזלעך אין מײַן כּוס, –
זוך איך דאָס גרויסע וואָרט און פֿרעג עס
דעם זין פֿון זײַן, און אומעטום
איז בלינדער, בײַסיקער סאַמום.
נאָר כ׳בין אַ חָלומלינג, אַ רויבער
פֿון צײַט. איך גלייב, אַז ס׳איז כּדאַי
צו זײַן אַ גלייבער און אַ לויבער,
און בלויז דער טויט איז ווערט אַ שפּײַ,
ווײַל ער צעטרעט דעם צאַרטן צויבער
פֿון שמייכל, קוש, געזאַנג, מוזיק,
ברעכט־אײַן דיווילדע רויז פֿון גליק.

IV

איר לאַכט שוין ווידער? קינצלער, דיכטער!
(פּאַרדאָן, מײַן געטין, כ׳מיין עס ז י י).
מיר דאַכט, די פֿלאַש איז מער שוין ניכטער
פֿון מיר, און איך בין בלויז געשריי.

פֿאַרלעשט די לאָמפּישע געזיכטער
און זעצט די גרינע שויבן אויס!
און איך וועל אין מײַן גאַנצער גרויס
צעפֿלאַנכען זיך פֿון טיפֿן האַרצן,
ווו ס׳וווינט אַ טרעלפֿויגל און טרעלט.
וואָס חידושט איר זיך און וואָס שטאַרצן
די אויגן? זאָגט, וואָס אײַך געפֿעלט!
איך וועל די אַרבל מיר פֿאַרשאַרצן
צום וואָרטגעפֿעכט און טאַקע גלײַך
מײַן כוח אויספּרוּוון מיט אײַך.

V

איך לאַך אַליין. כ׳בין דול אַוודאי,
נאָר ס׳איז מײַן לאַכן הייסער גיפֿט.
איך בין אַ פֿיטערער אָן סטאַדע,
בײַ וועמען בלויז דאָס בענקען טריפֿט
ווי אַ ציגײַנערשע באַלאַדע,
וואָס פֿײַפֿלט ערגעץ אין דער פֿרעמד,
און גאָר מײַן איינזײַנקייט פֿאַרנעמט
ניט ער ניט דו און אפֿשר קיינער.
און מאָדנע, אָפֿטמאָל איז מיר זיס
די איינזײַנקייט, וואָס ביז די ביינער
דערגרייכט איר סַמנדיקער ביס,
דערגרייכן אירע שאַרפֿע ציינער.
וואָס מער עס ראַנגלט זיך מײַן זין,
אַלץ מערער ווייס איך, אַז איך ב י ן.

## VI

און דעמלט – כ׳בין זיך מודה, ברידער –
איך טו אַ פֿאַל אויף דרערד און קני
מיט פֿאָרכט פֿאַר יעדן מענטש אַנידער,
אָט ווי אַ זאַנג אין פֿולן בלי,
וואָס פֿילט דעם האַרבסט אין זײַנע גלידער.
עס דאַכט זיך מיר: איך טראָג די שולד
פֿון יעדנס פּײַן, איך בין פֿאַרפֿולט
מיט זינד, וואָס דו און ער און אַלע
באַגאַנגען זענט אַ מאָל און הײַנט.
דאָס האַרץ פֿון וועלט ווערט מיר נתגלה,
און אַלץ וואָס טונקל – ווערט באַשײַנט
דורך אַלע ווײַטקייטן פֿאַטאַלע,
און איך – אַ לעבעדיקער קוואַל,
וואָס טוט אַ שפּרונג דורך אַלץ און אַל.

## VII

עס טרעפֿט אַמאָל: כ׳ווער שלעכט און ערגער
צו זיך אַליין: – פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס
ביסט דו דײַן אייגענער דערווערגער
אָנשטאָט צו זײַן דײַן באַלעבאָס?!
פֿאַרנעמסט די שפּראַך פֿון וועלדער, בערגער,
דו קניפּסט זיך אויף מיט גראָז און בלום,
נאָר דו אַליין ביסט אומעטום
אַ פֿרעמדער. פֿילט די ערד דײַן ציטער
און פֿילט דאָס גרעזל דײַן געפֿיל? –
און מענטש? ביסט דו דען זײַן געביטער?

פֿאַרנעמט ער דײַן געראַנגל, ציל? –
דו ביסט אַ דאָן־קיכאָט, אַ ריטער
פֿון ראָמאַנטיזם. ברודער, ווייסט –
ניטאָ קיין טרייסט, ניטאָ קיין טרייסט.

## VIII

אַזוינע ספֿקות ווען ס׳באַפֿאַלן,
ווערט פֿינצטער אין געמיט און ענג,
די הייסע, פֿלייצנדיקע שטראַלן
פֿאַרוואַנדלען זיך אין בלאָע שלענג
אויף אַלע וועגן, און שאַקאַלן
צעהײַלן זיך פֿון טיפֿסטער טיף.
עס העלפֿט ניט ס׳וואָרטיקע געשליף
און ניט דער שמייכל פֿון נאַראָנים.
נאָר דעמלט, פֿלאַמיק ווי אַ סנה,
שלאָגט אָפּ אַ גלויבן אויפֿן פּנים –
און זע, ער ווערט אַלץ קלערער, זע,
איך קען זיך ניט באַגיין שוין אָן אים:
ער איז די לופֿט, וואָס כ׳אָטעם אײַן,
ביז אַלץ און אַל ווערט ווידער מײַן.

## IX

איר וווּנדערט זיך, איר מיינט, כ׳בין שכּור?
ווי קומט צו מיר אַזאַ מין זונג?
נאָר זעט, עס גליט דער סאַמע עיקר
אין די געוועבן פֿון מײַן צונג.

איך רײַס פֿון לעבן מײַנעם שטיקער,
צעשלײַדער זיי אויף רעכטס און לינקס,
און טו מײַן גורלדיקן ספֿינקס
באַלאָרבערן מיט פֿײַנע גראַמען —
אַן ערנבירגער פֿון אַ לאַנד,
וואָס פּרוּוון פּרווו איך עס באַצאַמען
מיט קלאַנגען־פֿלויטן נאָכאַנאַנד,
כּדי פֿאַרוואָרצלען און פֿאַרשטאַמען
מײַן נאָמען דאָרט אויף אַלע מאָל —
ביז צײַט פֿאַרלירט איר ציל און צאָל.

X

נאָר וואָס איז דאָס? ווער קריכט עס דאָרטן
אין פֿענצטער? וועמעס רויטער קאָפּ
מיט בלאָנדן בליק מיט אויפֿגעקלאָרטן,
וואָס מעקט די בלאָע שאָטנס אָפּ?
חבֿרים, וואַרפֿט אַוועק די קאָרטן
און קלעטערט אויף די בענק אַרויף:
די זון גייט אויף, די זון גייט אויף,
גייט אויף, גייט אויף מיט וווּנדער נײַעם.
חבֿרים, גיסט די בעכערס אָן,
לחיים פֿאַר דער זון, לחיים!
פֿאַר אונדזער זונען־פֿאָן —
לחיים — —

*

פֿון קאַלטן, שטרויענעם געלעגער
גייט אויף צו דײַן געהער מײַן רוף:
– דו לופֿטיק שוועבעדיקער גוף,
דערפֿריי דעם פֿײַערדיקן פֿרעגער.

כ׳בין זונפֿאַרגיי. איך ברענג אַ קרבן
מײַן לײַב פֿאַר דײַן לבֿנהס מילך.
דערצייל, צי איז מײַן טוונג בילך!
צי האָט מײַן מאַרך דײַן ערד באַפֿאָרבן?

*

איך גיב דיר אָפּ מײַן פֿײַנסטן פֿרילינג־פֿראָנדז,
מײַן חלק רו, מײַן האַרץ פֿון רויטן בראָנדז,
די זון, דעם זין, דאָס זײַן, די הייך, די נידער,
דעם טאָג, וואָס טאָגט, די נאַכט, וואָס נאַכטיגאַלט,
אויך מײַן געדאַנק, דעם פֿורעמער, און שמידער,
גיב איך דיר אָפּ, אָ מאַכטיקע געשטאַלט.

נאָר לאָז מיר איבער בלויז — איך בעט ניט פֿיל —
דאָס ווינטיקע געפֿלעמל פֿון געפֿיל,
עס זאָל מיר ווי דאָס פּנים פֿון באַשאַפֿער
כּסדר שוועבן איבער מײַן געביין.

אַצינד נעם צו מײַן וואָרט און מײַן מעטאַפֿער,
און ווּ דו וועסט באַפֿעלן — וועל איך גיין.

*

זײַ שטיל, עס איז נאַכט אויף אַן אמת.
דאָס נאַכטגעזאַנג לעבט, איך פֿאַרנעם עס.
ס'טוט עמעץ אויס גראָזוועבס מיך וועבן
און מענטשט מיך. ווער בין איך איצט? ווער עמעס?

דו, לעבן מײַנס — אַלעמענס לעבן —
באַלײַכט מיך דורך וועלדער פֿון עבן!
און זוכסטו דײַן פּאַטום — ניט לעסטער,
ער וווינט ניט אין דיר, ניט דערלעבן.

ווו שטורעם צעהענגט זײַנע נעסטער —
דאָרט לאַכט ער, דאָרט כּישופֿט ער, גֿסט ער.

*

ווי קען דאָס זײַן,
אַז אין אַ וואַלדנאַכט זאָלסטו צו מיר קומען
מיט אויסזע פֿון אַ יונגן רעגנבויגן,
וואָס אָטעמט־אויס אַ פֿריִען פֿרילינג איבער זומפּ און טײַכן?

מײַן פֿרײַנד,
איך צייל שוין מער ניט מײַנע יאָרן, –
מײַן לעבן איז אַ גרויסע, בלאָע קינדשאַפֿט,
מײַן קערפּער איז פֿיל קלענער פֿון מײַן וואָרט.

איך לערן זיך בײַ קוואַלן אָפֿנהאַרציקייט,
און בײַ די נידעריקע ווערבעס לערן איך זיך פּשטות.
דערנאָך קלײַב איך צונויף די ערדן־וווּנדערס
און טייל פֿונאַנדער עס אומזיסט די מענטשן.

מײַן פֿרײַנד,
וואָס אין אַ וואַלדנאַכט ביסטו מיר דער רעגנבויגן, –
זײַ אויך אין מײַנע אָדערן אַ זוניקע מוזיק
און שפּיל מיר אויס דאָס לעבן פֿון מײַן לעבן.

*

עס לײַכט ניט קײן ליכט: ס׳איז מײַן גלויבן,
וואָס צינדט די באַפּענצטערטע ווענט.
מײַן אויג איז צום פּילן געווענדט,
צום פּילן דעם נאַכטיקן אויבן.

און הינטער די ווענט זינגען גרילן
און פּילן זיך צו צו מײַן פּילן.

ניין, ניין, ניט קײן גרילן: ס׳געגנענט
דער פרעמדער פון הינטער די ווענט.

פאַר יענעם פון הינטערן פּענצטער
בין איך אַ לויטער דערקענטסטער,
ער טרײַבט מײַן געדאַנק און ער היט.
און איך, וואָס איך הער זײַנע טריט
און וואַנדל אין פײַער אין גרויסן, —
איך קען ניט דערזען זײַן געשטאַלט.

און דאָס איז דער סוד, וואָס איז טויזנט יאָר אַלט:
כדי צו דערזען, דאַרף מען זײַן אין אַ דרויסן.

*

דאָס אָפּגעלעבטע שטיקט בשתּיקה
און גיט זיך נאַכטיק אַ פֿאַרגַנבֿע
אין בלוט בײַ מיר, ווו ס׳בליט אַ לעבשאַפֿט,
ווי אויסגעהאָפּטן אויף אַ קאַנווע.

עס קוקט מיך אָן מיט גרינע אַפּלען
און מאָנט דעם שׂכר פֿאַר אַלע טוען:
– ווו איז די האַנטפֿול ערד, וואָס זאָל מיך
פֿון אַלדער לײַדעניש באַרוען?

אַזוי, מסתּמא, מאָנט בײַם פֿרילינג
אַ יונג אַרויסגעפּליקטער פּרימל
און אויך אַ שטערן, טיף געפֿאַלן,
וואָס וויל צוריק אַרײַן אין הימל.

*

געפֿאַנגען, געפֿאַנגען
בין איך אין דעם הימלס געשליפֿענע קלאַנגען.
ניטאָ קיין אַנטרינונג פֿון זײַנע פֿאַרצאַמען,
וואָס פֿלאַמען, —
ווי פֿאַר אַ פֿליג אין אַ גלאָז
אַן איבערגעקערטער.
און הינטער דער גלאָז — בליִען ווערטער,
בליט גראָז
(לאָז מיך צעברעכן די ווענטלעך, אָ, לאָז!),
און אויבן —
אַ מחנה אָפּאַליקע טויבן,
זיי קענען זיך אויך ניט אַרויסרײַסן פֿונעם
געפֿלאָנטער ניגונים
און בלײַבן געפֿאַנגען
אין מיט פֿון אַ ראָד.

אַ שאָד.

*

מײַנע אײנאײנעם פֿאַרוואַקסענע ברעמען
זענען קאָליברישע פֿליגל, וואָס טראָגן
אַוועק מײַנע אויגן דורך גרינע פֿאַרטאָגן –
צו וועמען, צו וועמען? – איך ווייס שוין צו וועמען:

דאָרט, ווו די צײַט איז פֿאַרמאַכט ווי אַ ליליע,
דאָרט, ווו עס רוען אַטאָם אויף אַטאָם
די לעבנס, און דאָרט, ווו די זון איז אַ שטראָם,
וואָס פֿלייצט דורך דער וועלט און צעגײַסט איר אידיליע, –
דאָרט ברענגען זיי איצט מײַנע אויגן און לאָזן
זיי איבער אין עפּעס אַ וווינונג פֿון גראָזן,
כּדי מע זאָל זען מײַן געבליק און דערשפּירן
זײַן הייך און זײַן תּהום.

און איך, ערגעץ ווײַט פֿון מײַן אויג און געהאָרך,
גיי אויס ווי אַ הויך פֿון אַ גלאָק און פֿאַרשאָרך
בײַ פֿרעמדע פֿאַרחתמעטע טירן.

*

זײַ אַליין דער וועג, וואָס זוכט אַ וועג,
ווײַל דו ביסט דײַן איינציקער פֿאַרמעג.

שטראָם־אַדורך די הייכן און די טיפֿן –
ערגעץ ווערט פֿאַר דיר אַ טראָן געשליפֿן.

קום און הערש, דו ליכטיקער, דו מאַכטיקער,
ווײַל די ערד ווערט נאַקעטער, ווערט נאַכטיקער.

זײַ דאָס מויל, וואָס רעדט דורך בלום און פֿרוכט,
ווײַל אַ האַרץ האָט זייער וואָרט געזוכט.

אָטעם־אויס דײַן שיינקייט פֿון אַ שפּערל,
קוק אַרויס פֿון קאַלטע, ווײַסע פּערל.

לײַטער דעם זִכּרון פֿון פֿאַרגאַנגיקייט
מיט דײַן זײַניקייט און מיט דײַן זאַנגיקייט.

זײַ דאָס אויג פֿון וועלטגעזץ – די זון,
העלף דעם לעבן מיט אין זײַן אַנטרון.

ווי די זון – קיין שאָטן זע ניט, זײַ נאָר
אייביק אַ באַשיינער, אַ באַשײַנער.

נייג דײַן אויער צו דער שטומער בעטעניש
און גיי־אויף מיט פֿאַרביקער גערעטעניש.

*

וועב אַרויס איין טאָן אויס אַלע טענער
פֿון קאָנצערט
און זאָג: ס'איז יענער, יענער
מיר באַשערט.

היט אים ווי דײַן אויגאַפּל, וואָס צינדט
מיט זון די ערד.
היט אים, ווי אַ ליכט אין שוואַרצן ווינט
און ווי אַ סוד,
ביז דער טאָן וועט ווערן דײַן געבאָט.

*

כ׳האָב געזען אַ בלינדן פֿידלער שפּילן
אָנגעשפּאַרט אָן בײַשטידל פֿון טויער
און אַליין געבויגן ווי דער טויער,
און זײַן שפּילן איז געווען אַ פֿילן
און אַ שילדער
פֿון אַ וועלט מיט פֿײַערן און בילדער.
פּלוצעם האָט אַ קום געטאָן פֿאַרבײַ די קרומע ווענט
אַ האָפּסלדיקע פֿור מיט גרויס געפּילדער
און פֿאַרטויבט דעם תּפֿילהדיקן קענט
פֿון דער פֿידלס פֿײַערן און בילדער.
ווי אַ מַחנה טויבן
זענען זיי אַנטלאָפֿן אויבן ;
אונטן, אויף די שטיינער,
איז געבליבן שטויב פֿון שווערן וואָגן
און די טענער ניט געקענט דעריאָגן.

*

נעמט דער מאָלער זײַן פּאַלעטער –
ציטערן די פֿאַרבן:

בלאָ פֿאַרקוקט זיך אויפֿן הימל,
גרין צעקושט זיך מיטן יונגוואַלד,
פּיאָלעט באַשפּריצט די בערגלעך,
רויט פֿאַראייניקט זיך מיט בלוט,
און די אַנדערע, אויך זיי,
שטראַלן־אויס דין־דינע וואָרצלען
און פֿאַרפֿלעכטן זיך מיט זייער
ווײַטער, ערשטיקער נשמה.

נעמט דער מאָלער בלאָ און זומער –
וואַקסט אַרויס אַ הימלונג.
נעמט דער מאָלער גרין און לעבן –
טרילט אַ פֿײַכטער יונגוואַלד.
נעמט דער מאָלער רויט און ליבע –
שוועבט פֿאַרבײַ אַ יונגפֿרוי.

און אַ מידער פֿון דער אַרבעט,
לייגט ער זיך אין שאָטן רוען.

*

דו ביסט אַליין דײַן גורל, מײַנסטער,
דו ביסט דײַן פֿאָלק און דײַן באַזינגער,
פֿון ליבשאַפֿט, זוניקער און פֿײַנסטער,
באַשאַפֿסטו וועלטן מיט די פֿינגער.

*

די קנאָפּן־רֵיחות האָבן זיך דערמאָנט
אָן דיר – אָן מיר אויך – און מיט פּענדזלען דינע
געטונקט אין פֿרילינגס טריפֿנדיקער שכינה –
דיך אויסגעמאָלט אויף גרינעם האָריזאָנט.

ביסט נאָנט. אין דײַנע אויגן שלאָפֿט מײַן אָטעם.
איך זע דײַן בילד אין אַלע זײַנע פּרטים.

און דײַנע ווערטער זענען טריט, וואָס טרעטן
אויף מיר, אין מיר, דורך צווײַגל פּיאָלעטן.

איך פֿיל: געבוירסט מיך יעדע ווײַל און רײַסט
מײַן צײַט אַראָפּ און טוסט מיר אויך באַשפּרייען
מיט היילנדיקן באַלזאַם מײַנע ווייען,
און שטרעק איך אויס אַ האַנט – באַריר איך גײַסט.

*

ווער צינדט מײַן בלוט? דײַן אָטעם צינדט מײַן בלוט,
דו וועסט פֿאַרלעגדן
דעם שֵׁד, וואָס לויערט וועלפיש אומבאַרוט,
דו וועסט פֿאַרבלענדן
דעם שוואַרצן וואַלד, ווו כ'ציטער ווי אַ רוט,
און איך וועל זוענדן
מײַן מויל צו דיר און, מאַכטיק פֿון דײַן מוט
אין איין מינוט
דערגרייכן אַלע אָנהייבן און ענדן.

*

געפּײַניקטער, װער װעט דײַן װײטיק װעגן ?
און װער װעט זען דאָס פּנים פון דײַן פֿרײד ?
דו װעסט זיך לאָזן איבער פֿרײַע װעגן
און אין דער זון אַרײַנבלאָזן די רײד :
אַן אָדערקנויל בין איך אויף אַש געלעגן,
מײַן האַרץ – אַ נעסט פֿאַר גרילנדיקע זעגן,
איז איצט די פֿרײד
פֿון גאָר מײַן פּײַן און מאַטער אַ באַשײד.

*

און אַלץ, וואָס דו פֿאַרמאָגסט, וועט ווען צערינען
ווי טרילן פֿון אַ פֿויגל אין באַגינען.
און וואָס וועט בלײַבן? — בלײַבן וועט
אַ פּונקט.

אַ פּונקט, אַווּ דײַן וואָרטיקער מאַגנעט
וועט צוציִען צו זיך די זאַכן, בילדער
פֿון דײַן צונויפֿגעלעב און דײַן געשילדער,
און ס'וועט זיך אויך פֿאַרוועבן דײַן געבאָט —
אין פּונקט.

און ווי די זון, וואָס לאַכט אין טרער פֿון גאָט,
וועט גאָר די וועלט אין דיר זיך קומען טובֿלען
און דו וועסט דעמלט דעם נצחון יובֿלען,
וואָס גאָר די מענטשהייט האָט זיך טיף געטונקט
אין דיר,
דעם ניט באַמערקטן
פּונקט.

*

ווי אַ רעגן, וואָס פֿאַלט אויף אַ פֿעלד אין געפּלוצעם,
אַז ניטאָ קיין באַהאַלט און קיין היים איז אַ חוץ אים,
איז אין מיט פֿון די וועגן
מיך די ליבע באַפֿאַלן מיט ווילדן באַגעגן
און די אַנדערע זײַט פֿון מײַן בענקשאַפֿט באַשטראַלט.

– פֿאַרוואָס ווי אַ רעגן ?

מע ווייס ניט, פֿון וואַנען ער קומט אויף די וועגן,
מע זעט בלויז דאָס אָרט, ווּ ער פֿאַלט.

*

דו וועסט מיך ניט זען, ווען כ׳וועל ווערן
אַ רויטער וואַזאָן אויף מײַן פֿענצטער:

פֿון קרישלדיק־טרוקענע זאַמדן
אַרויספּײַכטן וועל איך מײַן בליטונג.

כ׳וועל פּרעסן די זון אויף די שויבן,
דערנאָך זיך פֿאַרמאַכן אין אָוונט.

דו וועסט מיך ניט זען, ווי עס זעט ניט
זיין .הייך דער געפֿאַלענער שאָטן.

*

און ליבסטו, מײַן ליבער, – זינג
צו דער זי, וואָס מאַכט זיסיק דײַן ביטער:
אין בליק פֿון איר גילדענעם רינג
איז געפֿאַנגען דײַן האַרץ, דײַן געביטער.

איר וואָרט איר אײנציקס: מאַן,
איז אַ רויטער דערשראָקענער גאָרטן.
אָן איר, – וווּהין איז דײַן שפּאַן
און ווּ וועסטו אָרטן?

*

גע׳אָגט זיך ווי אַ פֿײַעודיקע אינד
און אויסגעטאַטוירט די ערד מיט נעמען.
אַצינד
פֿאַרנעמען
מײַנע חושים בלויז
אַ שטילן איך, וואָס האָט ווי אַ באַגלייטער
אַרײַנגעפֿירט מיך אין דײַן האַרציק הויז
און ליב אַרײַנגעאויערט: כ׳בין אַ צווייטער.

*

די וועלט איז אַלט. מיר זענען עלטער –
מיט אונדזער פֿרייד, מיט אונדזער פּײַן, –
און איר געשיכטע גליט ווי ווײַן
אין טיפֿן, מוהדיקן קעלטער.
בשעת דאָס וואָרט וועט, אַ פֿאַרבאָרגנס,
דאָרט געבן אין דער נאַכט אַן עפֿן
און ווײַן פֿאַרזוכן, וועט עס טרעפֿן
דאָס אָפּליכט פֿון מיליאָנען מאָרגנס.

*

אויג און שטערן – זילבער קעגן זילבער.
דאָס אויג – ווי קליין און פֿײַכט –
זאַפּט אײַן דאָס ליכט
פֿון די אַסטראַלע ווײַטן.
מיריאַדן שטערן מילבלען זיך אין אויג,
דאָס אויג דערבליקט די צווייטע זײַט פֿון הימל
אין זילבערנעם עקסטאַז.
נאָר צווישן ביידן –
וואָס וואָלקנט דאָס אַ מחנה פֿערד
מיט פּאַנצערדיקע רײַטערס ?
סאַראַ קלימפּערײַ פֿון קייטן, הערצער ?
און ווער כאָרכלט פֿון פֿאַרקלעמטע צווײַגן,
וואָס נאָדלען צווישן שטערנשאַפֿט
און אויג ?

*

– און וואָס איז דײַן פֿאַרלאַנג,
דו נישטערער געהיימער?

– צו פֿאַנגען צווישן ביימער
אָ פּראָפֿיל פֿון אַ קלאַנג.

*

בשעת כ׳האָב מיט פֿאַרמאַכטע אויגן
אַ ליד געשריבן, האָט מיר פּלוצעם
אַ ברי געטאָן די האַנט, און ווען
איך האָב אַנטוואַכט פֿון שוואַרצן פֿײַער,
האָט פֿון פּאַפּיר אַרויסגעאָטעמט
אַ נאָמען ווי אַ ליליע: גאָט.
נאָר ס׳האָט מײַן פּען פֿון פֿאָרכט און וווּנדער
פֿאַרמעקט דאָס וואָרט און אָנגעשריבן
שטאָט אים אַ וואָרט אַ נענטערס: מענטש.

פֿון דעמלט יאָגט מיך נאָך כּסדר
אַ שטים ווי אומגעזעענער פֿויגל
און פּיקט אין מײַן נשמהס בליטן:
— אויף וועמען האָסטו מיך פֿאַרביטן?

*

דאָרשטיקער פּענדזל פון הינטער די לאָדן, –
כ׳בין דײַן געזוכטע פּאַלעטער, באַלאָדן
מיט לעביקע פאַרבן. דערנענטער זיך, טונק
אין פלאַמיקן טונקל בײַ מיר, ווו איך לאַך צום
ווײַטיקן טויט, און פאַרזינק אינעם זונק
פון בלאָ, הייסן גרין און צעשמאָלצענעם יאַכצום –
די פאַרבן אין מיר, די וואָס ווילן באַפרײַט זײַן,
ווי אַלצדינג וואָס ליגט אין דער פינצטער פאַרמאַכט, –
און מאָל מײַן פּאָרטרעט אויפן פאָן פון דער נאַכט,
כּדי, ווען דער טויט וועט זײַן נאָנט, זאָל איך ווײַט זײַן.

*

כ׳וועל ביסלעכווײַז אין גאַנג צום ווערן
פֿונאַנדערפֿאַלן אויף די שטעגלעך,
ווי קרישלעך פֿײַער פֿון אַ שטערן, –
אַזוי כּסדרדיק, טאָגטעגלעך,
ביז וואַנען פֿון מײַן איך וועט ווערן
דער וועלטס אַ בלײַבנדיקער חלק,
אַ זעמדל, וואָס איז אומצעטיילליק, –
דער ווידער־אויפֿשפּראָץ פֿון מײַן קערן.

*

יאָ, איך מוז נידערן, נידערן
הינטער די בערג, די בערג.
ס׳טונקלט, עס נאַכטיקט מײַן בלענדיקייט
הינטער די בערג, די בערג.
כ׳האָב שוין געזאָגט: איך האָב ליב,
כ׳האָב שוין געבעטן: פֿאַרגיב.
גיי איך זיך איצטער פֿאַרברידערן
מיט דער געגאַרטער אומענדיקייט
הינטער די בערג, די בערג.

וואָס האָב איך אָבער דאָרט אופֿגעטאָן
אויף דער שטויביקער ערד?
אפֿשר אַ טראָפּן קאָלירישקייט
בלויז פֿאַרזייט אויף דער ערד?
אפֿשר דערמוטיקט אַ בלום,
אפֿשר געוווּנען בלויז רום?
אפֿשר די פֿרײַשאַפֿט אַ רוף געטאָן
פֿול מיט עקסטאַטישער לירישקייט
אויף דער שטויביקער ערד? —

נאָר איבער טײַך דעם געזעגנטן
פֿינקלט מײַן בלאָע קרוין,
אויך אויף די ביימער בײַוועגיקע
פֿינקלט מײַן בלאָע קרוין.
אַלץ, וואָס מײַן בלוט האָט באַשטראַלט,
טראָגט איצט מײַן אייגן געשטאַלט,
און איבער מענטשן און געגנטן
און איבער וואָלקנס אַנטקעגיקע –
פֿינקלט מײַן בלאָע קרוין.

# אינהאַלט

## וואַלדיקס

## פֿאַרמירמלטער אָטעם

## פֿון אָנהייב צו אָנהייב



## די צווייטע היים



## עקסטאַזן

